קעהאָס קליגער



# געזאַנג אַף דער ערד

(לידער און באַלאַדן)



מיט א פאָרוואָרט פון

פיניע קאַץ

ארויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינט

בוענאָס איירעס 1941

* * *

געזאַנג פון אַ וואָלינער דיכטער אַף אַרגענטינער ערד, וואָלט איך אָנגע־רופן דאָס דאָזיקע בוך לידער פון קעהאָס קליגער.

קעהאָס קליגערס ליד איז אויפגעגאַנגען אין וואָלין, אויפגעגאַנגען ווי זיין מאַמעס קאָרענע ראָשטשינע אין די גרויע פאַרטאָגן, וואָס האָבן זיך אַריינ־געריסן דורך די פאַרלויעטע שייבלעך פון דער אַלט־באַשינדלטער כאַטע אין די שמאָלע געסלעך פון דער קילשטשינע און ווי די נעגינע פון זיין טאַטן דעם כאַזן אין דעם שילכל פון די קילשטשינער האָרעפּאַשניקעס, פון די „בלאָטיקע אידן מיט די קנויטיקע קויטיקע בערד, וואָס טראָגן ציבעלעס, קאַרטאָפל אין פאַרבונדענע פּאָלעס". זיין מוזע קומט פון די וואָלינער עקשטאָטישע געסלעך מיט זייערע „מאַמעס, אַרבעטער־טעכטער, נישט־דערוואַקסענע סאָסנעס, אין כאַ־טעס באַ האָרביקע שייבלעך פאַרשטופּטע מיט שמאַטעס, וואָס קאָרמען אַ קינד אַף די הענט מיט ברויט אַ שטיקל פּיסנע", מיט „גרויצאָפּיקער מויד באַ אַ נייר־מאַשין".

זיין מוזע קומט פון דעם וואָלינער דאָרף מיט איר פּויערטע „באָרוועס, אין אַ פּראָסטן לייוונט־העמד, מיט אויגן — קרעניצעס, לויטערע און בלוי, מיט הענט ווי צוויי סאָסנעדיקע צווייגן און ס'ווייט פון איר מיט לאָן, מיט ערד און קאָרנברויט". און דערגאַנגען איז זי איבערן יאָם צו די בוענאָס אײַרעסער זוניקע גאַסן, צו דער ראַכוועס פון די קאָרדאָבער פּאַמפּאַס און בלויע כמאַרעס פון די בערג, צום לאַנד פון „ווייַנטרויבן און מאַראַנצן" און פון — טאַנגאָ...

קעהאָס קליגער איז אַ ליריקער, זיין געזאַנג קומט פון דער טיף, אַן אויפ־געקוואָלנס פון זיין גאַנצן וועזן, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט די זאַפטן פון זיין היימלאַנד און פון זיין וואַנדער־וועג. און אַ ראָמאַנטיקער איז ער, דער ראָמאַנ־טיקער פון דער אָרעמשאַפט און איר פּראָסטער האַרציקייט. נאָר דורך זיין טיף־ברומענדיקער ליריק און ראָמאַנטיק דערבליקן מיר דאָס רעאַלע לעבן ביז עפּיש־קייט. אַזאַ מאָדנע ליריק און אַזאַ מאָדנע ראָמאַנטיק איז זי, קעהאָס קליגערס. אַזוי גרוי און אַזוי אָרעם, ווי דאָס רעאַלע לעבן איז און דאָך אַזוי זינגעוודיק. אָפּט דאַכט זיך אונדז, ווען מיר לייענען זיינע לידער, אַז דאָס זינגט די גרויע

וואַלינער ערד, וואָס בענקט נאָך אויסלייזונג און אַזוי איז עס אויך מיט די בוענאָס איירעסער זוניקע גאַסן און קאָרדאָבער בערג און פּאַמפּאַס.

די שפּראַך קעהאַס קליגערס, ווי זיין אימאַזש איז אויך אַ וואָלינער און זייער וואָלינישקייט איז ניקער אויך אין זיינע אַרגענטינישע לידער. נישט קיין פרילינג זעט ער, נאָר אַ וועסנע, נישט קיין טייכל נאָר אַ סטאַוו, נישט ברונעמער, נאָר קרעניצעס און אַזוי ווייטער: שליאַכן, סאַזשעלקעס, בראָנעס און צוויטן. און אַט איז זיין אימאַזש: „אין מיין דימיען — זינגט ער — וויגט זיך אַ ליכטיק ביימל קאַרשן", „אין מיין דימיען רינען פּרימאַרגנס בלוי־סטאַוויקע צעבלינעט".

מיט דעם וואָלינער געזאַנג, וואָס איז בא קעהאַס קליגער אויפגעגאַנגען, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, נאָך אַף דער שול־באַנק, האָט ער זיינע ערשטע טריט געשטעלט אין די וואָלינער אויסגאַבעס, די וואָכנבלעטער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די וואָלינער און פּאָלעסיער שטעט בעיים די האַניק־כאַדאָשים פון פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט און פּויליש־אידישן קולטור־אויטאָנאָמיזם. ער קומט קיין וואַרשע שוין אַן אָנערקענטער און ווערט אויפגענומען אין דעם גרויסן צענטער פון דער אידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט די דעמאָלט אויפגעקומענע דיכטער בינעם העלער, מ. קנאַפּהיים, מוישע שולשטיין און אַנדערע. ער דרוקט זיך אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע אויסגאַבעס אונטער דער רעדאַקציע פון מיילעך ראַוויטש, פון נאַכמען מייזיל, פון איציק מאַנגער.

שוין דעמאָלט מאַכט אים באַקאַנט „די פּרעסע" פאַר דעם אַרגענטינישן אידישן לייענער און ווען ער קומט קיין בוענאָס איירעס, צוריק מיט אַ יאָר פינף, ווערט ער דאָ אויפגענומען ווי אַ היימישער.

אויך קעהאַס קליגער דערפילט זיך דאָ היימיש און נאָך מער ווי היימיש, ער דערפילט זיך דאָ אייגן. מיט זיינע וואָלינער טענער נעמט ער דאָ זינגען צום אַרגענטינישן זומערלאַנד:

„אַ, זומערלאַנד פון וויינטרויבן, פון פייגן און מאַראַנצן,
לאַנד פון זאַטן קאָרנברויט, פון טאַנגאָ און ראָמאַנטיק —
דו האָסט מיט טויזנט קישעפן מיך געלאָקט איינגאַנצן
איבער לענדער, איבער שטעט, איבער יאַמיקן אַטלאַנטיק".

די וואָלינישע ראָמאַנטיק, די ראָמאַנטיק פון דער וואָלינישער דאָרפישקייט און אָרעמקייט, וואָס קעהאַס קליגער האָט אין זיך איינגעזויגן פון קינדוויין אָן, איז אייפערזיכטיק אַף דער אַרגענטינישער ראָמאַנטיק פון זוניקער ראַכוועס, פון מאַראַנצן און פון טאַנגאָ, וואָס האָט אַזאַ צי־געטאָן צו זיך דעם דיכטער און זי דערמאָנט אים באַלד די

„בענקשאַפטן ווי זשיוויצע פון סאָסנעס ווייך־צערונען,
מיט טליענדיקע שנויצן פון מיין שטעטל וויט־וואָלינער".

ער איז שוין אָבער אַן אַרגענטינער, עס האָט אים שוין געפאַנגען דאָס

פריידיקע זומערלאנד און ווי ער וואלט געשוואוירן טרייהייט זיין נייער געליב־טער, זינגט ער:

„און דעמאלט האסטו, זומערלאנד, פון וויינטרויבן, מאראנצן,
דורכגעהעלט מיין האפענונג מיט ליכט פון טויזנט זונען:
כ׳וועל אויפגיין, לאנד, מיט דיר, ווי דו, זינגענדיק אינגאנצן
אין מיין רואיק ווינקעלע דורך וואגל־וועג געפונען״.

עס ראנגלען זיך צווישן זיך אין קעהאס קליגערס לידער די ראמאנטיק פון וואלינישער דארפישער און שטעטלשער ארעמשאפט, פון סערמיענגעס און קווי־טיקע וואטעווע לייבלעך מיט דער ראמאנטיק פון ארגענטינישן „זומער״ און „פלאטערנדיקן פרילינג״; אבער, וואס א ליד אלץ שוואכער, וואס א ליד, אלץ ווייניקער דערמאנט ער זיך אן זיין שטעטל, אן די שכיינים פונעם געסל צוזאמען מיט סראליק מאטל דעם באשלעגערס, וואס שיקט נישט מער זיין מאמען קיין „טמונעס אס״, אלץ מער וועפט זיך אויס אין אים דער וואלינער גרויער טרויער, ער פארגעסט אפילע, אז ער איז געקומען אין דעם „זאטן לאנד״ זוכן זיך „א ברויט, א בעט, א העמד און טאקע וואס נאך מינער פאר א מענטשן אין זיין טעגלעך נויט״ און ער צעזינגט זיך שוין גאר מיט אן אנדער שפראך וועגן „פרילינג״, יא, וועגן פרילינג און נישט וועגן סומנער וועסנע —

„איך וואלט געהאלדזט, געארימט יעדן שטיין און בלימל,
וואס רייסט זיך צו דער זון מיט זילבער־צווייט — — —
און איך אין ברויז, אין אומרו, אין שטאטישן געטומל,
כ׳זינג צו יעדן גליך מיין פרילינגדיקע ליד״.

שפעטער, ווען ער האט שוין געזעטיקט זיין זומער־הונגער, דערזעט ער דא דעם „זשעדנעם בליק״ נאך א „לאבן ברויט״ בא „יענעם אף פלאסא אנסע מיט הונגעריקע ציין, וואס שארט אראפ די ברעקלעך זעט פון אלע פרעמדע קיכן״ און בא „די פיצעלעך אין מיין לאוואזשע־דעפארטאמענט״, און ער נעמט שרייבן זיינע באלאדעס: די באלאדע וועגן צען סענטיקן ניקל; די באלאדע פון א מענטשן באנאכט; די באלאדע וועגן גרויען קאפ; די באלאדע וועגן נאכט, דעם מאטראס און טויט; די באלאדע וועגן מוטער און קינד; דאס ליד וועגן דער גאס קאריענטעס... אלץ לידער פון גרויער פראצע, פון גרויסשטאטישער ארעמקייט און הונגער.

גראד, אין די דאזיקע לידער, זענען מער ניקער די וואלינער פארבן און שארפער הערן זיך די וואלינער טענער, ווי אין די זומער־ און פרילינג־לידער. קעהאס קליגערס שפראך און זיין אימאזש פון נויט קען זיך נישט באפרייען אזוי לייכט פון זיינע ערשטע איינדרוקן, וואס ער האט איינגעזאפט אין זיך צוזאמען מיט זיין מאמעס גרויער מילך. „א לאבן ברויט״, נעמען מיר פאר א ביישפיל, איז עפשער נישט ספעציפיש וואליניש, כאטשע ער שמעקט בא קעהאס קליגער

אַזוי מאַמיש־וואַרעם, אָבער אַרגענטיניש איז ער זיכער נישט, דאָ עסט מען „פּראַנדזאָלקעס״, ווי מען וואָלט זיי גערופן אין וואָלין.

ערשט ווען קעהאַם קליגער דערנענטערט זיך צו דער אַרגענטינישער נאַטור, צו די קאָרדאָבער בערג, צו די קאָרדאָבער פּאַמפּאַס און צו זייערע לעגענדעס, באַפרייט ער זיך קימאַט אינגאַנצן פון זיין וואָלינישער שפּראַך און פון די וואָלינישע אימאַזשן.

דאָס בוך לידער, וואָלט דער דיכטער אַליין געזאָגט, איז אַ געזאַנג אַף זיין וואָגל־וועג. איך וואָלט געזאָגט אַנדערש: ס׳איז דאָס געזאַנג, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין דער נידער און רייסט זיך אַרויף, צום זוניקן באַרג־אַרויף.

פיניע קאַץ

בוענאָס איירעס, יולי 1941.

# זומערלאַנד

אָ, זומערלאַנד פון ווייַנטרויבן, פון פייַגן און מאַראַנצן,
לאַנד פון זאַטן קאָרנברויט, פון טאַנגאָ און ראָמאַנטיק, —
דו האָסט מיט טויזנט קישעפן מיך געלאָקט אײַנגאַנצן
איבער לענדער, שטעט, איבער יאַמיקן אַטלאַנטיק.

דייַן בלויער הימלדיקער פּליוש, דייַן גרינקייט אַף די וועגן,
האָבן זיסע זאַפטן אין מייַן לייב צעריזלט און צעזאָטן;
ביסט אויפגעגאַן, ווי אַ רעגנבויגן, פילפאַרביק מיר אַנטקעגן,
ווען כ'האָב דייַן זאַטע ערד דאָס ערשטע מאָל באַטראָטן.

מיט בענקשאַפטן, ווי זשיוויצע פון מאָסנעם ווייַד־צערינעו,
מיט טליענדיקע שנויצן פון מייַן שטעטל ווייט־ווּאַלינער, —
כ'האָב אויסגעשטרעקט די הענט צו דיר, לאַנד אַרגענטינע,
מיט זינגענדיק געזאַנג, מיט העל־באַזונטן זינען.

דאָס גאָלד פון דייַנע טעג, ווי דאָס גאָלד פון מייַנע טרוימען,
האָט אַ בליאַסק געטון אין אויג מיט בלענדעניש העלן;
די פרעמדקייט איז געוואָרן נאָענט, אַלע ווייטקייטן און רוימען
און אַלע טירן אָפענע און היימיש אַלע שוועלן.

אַלע מענטשן אין מיין גאַנג דורך גאַסן וואו באַגעגנט,
שוואַרצאויגיקע, געזיהוויטיקע ראַסן און קאָלירן, —
אַ האַנט האָט מיך באַגריסט, אַ האַנט האָט מיך געזעגנט,
שמייכל דורך די פענצטער, שמייכל דורך די טירן.

מיט קלאַנג האָט דאַן דער טראָטואַר צו מיר אַרויפגעזונגען,
דין־סטרוניק פאַרצויגן זיך ס'האָבן אַלע דראָטן;
און איך אַליין מיט ברייטן טאָן פון טיפאָטעמדיקע לונגען,
דורך יעדער גאַס — אַ גאַמע, אַף יעדן שטיין אַ נאָטע.

און דעמאָלט האָסטו, זומערלאַנד, פון ווייַנטרויבן, מאַראַנצן,
דורכגעהעלט מיין האָפענונג מיט ליכט פון טויזנט זונען;
כ'וועל אויפגיין, לאַנד, מיט דיר, ווי דו, זינגענדיק אינגאַנצן
אין מיין רואיק ווינקעלע דורך וואָגל־וועג געפינען.

.1937

# מײַן מאַמע שרײַבט...

...און װאָס איז פּאַרט מיט דיר אין אַרגענטינע,
אין דער איבעריאַמיק װײַטער פרעמד, —
צי האָסטו כאָטש דײַן טעגלעכע כאַיונע:
אַ ברויט, אַ בעט, אַ מאַלבעש און אַ העמד?...

פון דײַנע בריװ מיט פּינטעלעך און קאָמעס,
פון דײַנע בריװ מיט פערזנדיקע רייד, —
קאָן איך נישט אַרױסלײענען דעם עמעס,
װײס איך נישט װי, זון מײַנער, דיר גייט.

כ'פרעג זיך נאָך בײַ שכײנים פונעם געסל,
װאָס האָבן קינדער אויך אין זעלבן לאַנד, —
צי האָט נישט זײער שלוימע, זײער פּעסל
כאָטש מיט אַ װאָרט װעגן דיר דערמאָנט.

בײַ קײנעם אָבער כ'קען זיך נישט דערפרעגן,
װי ס'גייט דיר, זון מײַנער, קעהאָס;
אַפילע סראָליק, מאָטל דעם באַשלעגערס, —
שיקט זײַן מאַמען נישט קײן טמונעס־אָס.

יעדן פרי דעם בריוונטרעגער יאנען
וואַרט איך אָפּ מיט ציטער און מיט טרער — — — —
וואָסזשע נאָך איז שרייבן דען פּאַראַנען?
פּאַרענדיק איך מיט דעם און נישט מער... — — — —

שוויַיג איך אוים מיין מאַמעס צאַרטע,
שטילע ווערטער אויסגעצאַפּלטע צו מיר;
צערטל דאָס באַשריבן דינע קאַרטל
און אַ הייסע ליבשאַפט איך דערשפיר.

ליבשאַפט פון אַ גרויהאָריקער מאַמען
צו איר זון אין דער ווייטער פרעמד,
אַז ער זאָל איר שרייבן נישט פאַרזאַמען,
צי ער האָט ברויט, אַ בעט, אַ העמד...

אַ בעט, אַ העמד און טאַקע וואָס נאָך מינער
פאַר אַ מענטשן אין זיין טעגלעך נויט
אין זאַמן לאַנד אַזאַ, ווי אַרגענטינע
פון פייגן, פון וויינטרויבן און ברויט.

אין אַ לאַנד אַזאַ פון זיסן וויין און טאַנגאַ,
פון בלויע הימלען, זון און שפּראָץ און בליט, —
ווי זאָל איך איר דערציילן מיינע באַנגען
טיף אין לייב צעזשאַרעט און צעגליט.

מיט וועלכע ווערטער זאָל איך איר באַשיידן
וועגן אומרו אין מיין גאַנץ געמיט? — — —
ס'בענקט נאָך אַלץ דיין זון צו וואָרע פריידן
דורך די פּראָסטע שורעס פון זיין ליד.

.1937

# שטאָט אין פֿרילינג

מיט גרינס פֿאַרבלינעט זיך די ביימלעך אַף די ראָגעס
און שפּאַרן זיך צום קאַלטן מויערדיקן שטיין;
איבער דעכער גייען אויף אַזויפֿיל בלויענקע פֿאַרטאָגן,
אין רויך פֿון קוימענס צעריבענע זיי, פֿאַרגיין.

מיט פֿייקל און מיט ליד דער פֿרילינג שפּאַנט אין גאַסן,
דער הימל — אַ שטיק סאַמעט, טיפֿט זיך בלאָ;
ס'צווינטן־אויף די סקווערן, ס'בליען אַלע פּלאַסעם,
ס'הילט זיך וועלט אין בליט פֿון שאָ צו שאָ.

דער פֿרילינג וויקלט זיך אין גרינגעלאַקטע קרויזן,
הויפֿנס גאָלד פֿאַרזייט ער אַף דער ערד;
אין ווילד־צעשאַיילטן טראַפֿיק, אין שטאַטישע געברויזן,
שניידט די זון מיט שאַרף פֿון בלאַנקן שווערד.

פֿון קליידער ווייט מיט יאַנטעוו, מונטערע געשפּרייזן,
אויגן גליען מייאיק, שפּיזיק איז דער בליק;
יעדער וויל זיין פֿרייד מיט טויזנט פֿיין באַווייזן,
יעדער וויל אַף גאַסן אַרויסטראָגן זיין גליק.

אַפּילע, דאַכט זיך, פֿינגער, ברודיק און צעשטאָכן,
שפּאַרן זיך אַרויס פֿון אַלט־צעפֿוילטן שוך;
עפּעס אַזאַ בענקשאַפֿט דעם גרויען אינדערוואָכן
אייביק צו פֿאַרציען מיט אַ חעלן טוך.

אַפילע שטיקער פּיסיק לייב, רויט און אָנגעדראָלן,
בליען־אויף קעגן טאָג פון צעפליקטן הויז;
עפּעס אַזאַ מידבער־דאָרשט, אַ גליענדיקער ווילן
קוואַלט פון יעדן לעבעדיקן גליד אַרויס.

אַפילע וואָגלער, וואַגאַבונדן — צעבראָכענע גאַנדאָלעס,
טראָגן זיך אַף גאַסן ווי כוואַליעס אַפן יאַם, —
דער פרילינג וואָס פלאַטערט אין ברענענדיקע פּאָלעס,
האָט אויך אין זייער אויג אָנגעצונדן פלאַם.

און לאַנגע שורעס טעג ווי ביטלעס מעד און ווייגען
ציען זיך מיט שיקרעס איבער רויש פון שטאָט;
דאַכט זיך, יעדער שטיין האָט איצטער זיך צעטיינעט,
יעדע שטומע שווייגעניש האָט זיך איצט צערעדט...

און וואונדערלעך געזאַנג שלאָגט פון גופיקע געביינער,
אַ האַרבער זיסער סאָק ריזלט אום אין בלוט;
טאָגן־אויף אין טיף פון לייב ליכטיקע געוויינער,
וואָס צעברעכן און באַזעלן מיט פרישן מוט.

און איך אַליין מיט נאָגנדיק ווייט־פאַרבענקטן ניגן,
כ׳וואַקל מיך אין לויטערקייט פון שטאָט;
אָט פיל איך זיך אַ פּיצל קינד טאַקע נאָך אין וויגל,
אָט אַ זאָקן גרוי, מיט קרעכצנדיקן טראָט...

און כ׳ווייס נישט ווען מיין טאָג־פרייד האָט זיך אָנגעהויבן,
ווען מיין עלנט וויגט מיך איין אין שלאָף — — —
כ׳ווייס נישט ווען שעלטן, כ׳ווייס נישט ווען לויבן,
אַז צו ליכטיקייט איז גאָר נישטאָ קיין סאָף!

ס׳וויברירן בלויז ווי סטרונעס מיינע זינגענדיקע גלידער,
כ׳שטיי און גאַף צו מיין אייגענעם געזאַנג — — —
כ׳מעסט דאַן אויס די לענג פון שטאָט ביז כ׳פאַל אַ מידער,
און כ׳פלאַטער־אויף צום ווייטערדיקן גאַנג.

דאַכט מיר דאַן: ס'שווימט מיין קאָפּ אַף כוואַליעדיקע טייכן
און אין שטראַל־געוועב מיינע הענט פאַרשפינט;
אָט דערגרייך איך צו די שפיצן פון די וויטסטע הייכן,
אָט גאָר צעטראָטן, ווי דער שטויב אין ווינט.

אָט צאַפּלט־אויף אַ נאָטע פון קליינשטעטלשער ראָמאַנטיק,
אָט דער גרילץ פון גרויסשטאָט טוט רוי אַ ריס;
אָט זע איך מיך שוין מאָרגנדיק און אָט צוריק — היינטיק
און דער נעכטן פלאָנטערט זיך באַ מיינע פיס.

און כ'פּרואוו דעם־אָ פּלאָנטער צעקניפּן און צעבינדן,
כ'זוך פאַר מיר אַליין דעם זינלעכן באַשייד:
ווער האָט אַזויפיל פלאַמיק פייער אין מיין בלוט צעצונדן
און טרייסט אַזאַ פון שפּילנדיקער פרייד? —

און אויסצאַפּלען אין לידער די פרייד פון העלע וועלטן,
דורכפילן ביז וויטיק מענטשלעכע לייד און פּיין;
אַ וואָרט צו קאָנען בענטשן און אַ פלאַם — צו שעלטן,
אַ שמייכל מילד און אויך אַ קריץ פון שאַרפע ציין.

כ'קאָן אָבער דעם באַשייד נאָך אַלץ נישט אויסגעפינען,
ווען געשריי און ליד ברויזט פון מיר און זינגט;
ס'שפּאַרט פון מיר די ליבשאַפט ווי דער האַם — פאַרכלינעט,
כ'אָטעם פרייד און אומעט מיט מיין גאַנצער לונג.

און איצט, אין טעג צעגרינטע, אין בלויע און צעהעלטע,
ווען זוניק ליד פרילינגט אין מיין בלוט, —
וואָלט איך טוליען צו מיין ברוסט מיט ליבשאַפט אַלע וועלטן,
וואָלט געקושט די ביימלעך אין מויערדיקער שטאָט.

איך וואָלט געהאַלדזט, געאָרעמט יעדן שטיין און בלימל,
וואָס רייסט זיך צו דער זון מיט זילבער־צווייט — — —
און איך אין ברויז, אין אומרו, אין שטאָטישן געטומל,
כ'זינג צו יעדן גלייך מיין פרילינגדיקע ליד.

1937

# ליד ווענן אַ הונט

כ׳האָב דיך געזען אין דיין עלנט דורכן אָונטיקן גרוי
און כ׳האָב געטראַכט: „אויך איך בין אַזוי, איך בין אַזוי!"

דיין אומעטיקער קאָפּ און דיין אויסגעקראָכן־געלע פעל
האָט געציטערט און זיך געריגצלט פון נעץ און פון קעלט.

דיין פאַרדרייטער עק, אַ פרעג־צייכן, זיך געבאָמבלט, געפרעגט:
ווילאַנג דער שיר צו הונגערן, ווילאַנג נאָך, וויפל טעג? —

און דיין דריט הינקענדיק פיסל, ווי אַ דלאָטע, האַרט און שטאַר, —
האָט געקריצט דיין הינטישן צאַר אַף שטיין פון טראָטואַר.

אין געדראַנג פון שפּרייזיקע טריט געפּלאָנטערט זיך, געדרייט,
זיך געטוליעט צו די ווענט און צום אָפענעם שאָסיי.

און אָפענער שאָסיי — מיט גערויש, מיט געאייל, געקאָד, —
כאָטש הונגער צוויקט און קלעמט, דאַך לעבן ווילט זיך נאָך!

האָט געווינט דיין הינטיש לייב־און־לעבן הינטער דיין פעל,
האָבן מיטגעווינט דיינע ברידער פון דער גאַנצער וועלט.

אָן הײם, אָן װאַרעמער שװעל, װי איך, — כ'האָב דאָן געטראַכט,
אַ שאָטן דורכן העלן טאָג, אַ שאָטן דורך דער נאַכט.

אָן האַר, אָן שוך, אָן װײַכער גלעטנדיקער קינדער־האַנט,
מיט שװערן קאָפּ אַף שטײן הינטער מױערדיקער װאַנט.

לעשט זיך אױס אין נעפּל דער לעצטער זונשנױץ פֿון טאָג,
און דו, אין בלאָנקעניש, אין עלנט, הונגעריק, פֿאַרצאָגט.

און גראָד דאַן, װען פֿײַערלעך האָבן דורכגעפּלאַמט די שטאָט,
האָסטו שטיל דײַן לעבן אָפּגעגעבן אַן אײלנדיקן ראָד.

ס'האָט אָנגעיאָגט דײַן אומקום אין בליאַסק פֿון אױגן צװײ,
אין באַדױער פֿון אַ גאַסנקינד, פֿון אַן אַלטער גרױער פֿרױ.

און שפּעטער, װען ס'האָט שױן געקילט דײַן הינטיש געבײן,
האָט דײַן פֿעל נישט מער געריִנצלט, געציטערט און געװײנט.

בלױז דײַן הינקענדיק פּיסל, דײַן לאַנגער עק פֿאַרדרײט,
זײ האָבן נאָך געמאָנט, געפֿרעגט, גערופֿן שטילערהײט.

פֿון װײַטנס האָט אַ בלײַכער פֿלאַם אַף דײַן קאָפּ געצאַנקט
און ס'איז דײַן װעלט פֿאַרגאַנגען אין שטאַרבנדיק געזאַנג.

און איך, אַזױ װי טאָמיד — מיט ליד אין מײַן געבײן,
כ'האָב געפֿילט אין מײַנע גלידער דעם גלי פֿון דײַן געװײן.

דעם עלנט פֿון דײַן גוף, װאָס האָט אין בלאָנקעניש געזוכט
די זעטיקײט און פֿרײד פֿון טאָג, פּונקט אַזױ װי איך.

.1937

# ליד צו אַ לאַבן ברויט

אָ, פֿאַרשעמטער לאַבן ברויט, צעווייקט און צעטראָטן,
אַרויסגעוואָרפֿן אַפֿן גאַס אונטער זאַטע פֿיס, —
ביסט געווען, ווי דיין ברודער, פֿאַרברוינט און געראָטן,
מיטן זעלבן זאַפֿט, ווי זיינער — ברויטיק־זיס.

דיין לייב, דאָס רונדיק־טונקעלע, דאָס וואַרעמע, געשמאַקע,
האָט צעגעצט דער רעגן, דער שמייסנדיקער ווינט;
מ'האָט פֿאַר הונגעריקע טישן דיך געקנאָטן און געבאַקן,
זאָלסט זיין די זיסע זעט פֿאַר זאָקן און פֿאַר קינד.

דיין לייב האָט נישט דערפֿילט דעם טאַם פֿון שטאַרקע ציינער,
וואָס בייסן זיך איין מיט אזא צוויקנדיקער פֿרייד;
הינטער די ווענט פֿון מיין מעטראָפּאָל,—גראָע פֿייכטע שטיינער,
קלאָגסטו איצט דיין גורל אויס אין שטומע רייד...

יאָ, ס'גורל דיינס, איך טראַכט, צו אַ מענטשן איז געגליכן,
צו יענעם אַף „פּלאַסע אָנסע" מיט הונגעריקע ציין,
וואָס שאַרט אַראָפּ די ברעקלעך זעט פֿון אַלע פֿרעמדע קיכן,
וויל קיינמאָל האָט ער די אייגענע נישט געהאַט אַליין.



און פֿאַרן צווייטן האָסט באַדאַרפֿט זיין די פֿרייד פֿון פֿרימאָרגן,
ווען זיין זשעדנעם בליק ער עפֿנט צו דער שטאָט:
די וועלט, וואָס ער האָט נישט איינמאָל שוין אין סינע, הערווארגן
מיט אויגן — ברוגעמס צאָרן, הענט — הייסער זאָט.

צי גאָר פֿאַר די פּיצעלעך אין מיין לאַוואַזשע־דעפּאַרטאַמענט,
וואָס וויינען און מאָנען זייער זעט טאָג און נאַכט, —
פֿאַר זייערע, אָ, לאַבן ברויט, — פֿאַר זייערע הונגעריקע הענט,
האָסטו אויך נישט די פֿרייד, די ברויטיקע געבראַכט.

פֿאַר זיי, די קינדער, אין זייערע אומעטיקע הונגער־שאָען,
ווען זיי מאָנען נאָך מיט אייגלעך — טרערן־נאַס, —
בלויז פֿאַר זיי וואָלסטו באַדאַרפֿט זיך אויפֿהייבן און דראָען,
ווי אַ האַרטע און פֿאַרדריקטע פֿויסט פֿון האַס.

און פֿאַר מיר אַליין, לאַבן ברויט, — כ'שעם מיך נישט צו זאָגן,
געווען ביסטו די בענקשאַפֿט מיינע יאָרן־לאַנג, —
ווען כ'פֿלעג אַפּוואַרטן די אָוונטן, זיך צעווערקן אין פֿאַרטאָגן,
כ'זאָל דיך פֿילן און שטילן מיין הונגעריקן באַנג...

נאָך איצט, אין זאַטן לאַנד, פֿון שעפֿעדיקן ווייץ און קאָרן,
וואו פֿון שטאָקן וואַרפֿט מען דיך און אין קעלערס — פֿעלסט, —
איך היט דיך רעספּעקטפֿול, ברעקלווייז, און פֿאַרנעם דיין צאָרן
דעם געהרעכטן איצט, ווען ליגסט אין גאַס און שעלסט...

אָ, פֿאַרשעמטער לאַבן ברויט, צעקרישלט און צעטראָטן,
אַרויסגעוואָרפֿן אַף ברודיקן טראָטואַר פֿון גאַס, —
כ'האָב געהערט דיין צאָרן, וואָס האָט ביז „פֿלאַסע אָנסע" געזאָטן,
געזען דיך, אויפֿגעהויבן, ווי אַ הייסע פֿויסט פֿון האַס.

1939

# באַלאַדע וועגן צענסענטיקן ניקל

הענגט אַף דעכער דער לעוואָנעס פּאָנעם פון אַ שיקער, פון אַ נאַר
און פינטלט מיט שטרייפן גאָלד צום שוואַרצן פלעק אַף טראָטואַר.

אַ ווינט צעווייעט די בלאָע פּאָלעס פון דער הייסער פעברואַר־נאַכט,
דער קאָפּ פון שוואַרצן פלעק פלאַטערט, וויגט זיך אין ווינט פאַרטראַכט.

שמייכלט די לעוואָנע און באַלוואַניש רינצלט זיך איר ליכטיק פּאָנעם,
דער שוואַרצער פלעק אין ווינקל ציילט שוין היינט דעם צוועלפטן טאָנעם.

דאָרט, נישט ווייט, אין ראָג: העל־באַלויכטענע שויבן — אַ שאַנטאַן,
מישט זיך פרייד און זעט, רויש פון געלעכטער און טאַנץ און וויין.

באַנקנאָטן וויקלען זיך אַף שפּיציקע פינגער פון קלאָר־ווייסע הענט, —
אין ווינקל טראָטואַר כאָלעמט אַ מענטש פון איינציקע צען סענט.

צענניקלדיקער סענט איז פלאַמיק, איז זינגענדיק ווי בלוט און רויט,
פאַר צענניקלדיקן סענט בליט אין שוים אַ זאַטער לאַבן ברויט.

אַ כמאַרעלע ציט, גלעט ווייך דער לעוואָנעס פּאָנעם און פאַרשווינדט, —
דאָס האַריץ פון שוואַרצן פלעק צאַפּלט אין די קילע פּאָלעס פון ווינט.

הונגער שניידט מיט קליינע מעסערלעך דין־דין, טיף אַזוי, דין־דין, —
אין די אויגן פון שוואַרצן פלעק קלאָגט דער ווייטיק פון אַ קינד.

מעסערלעך בלאַנק, מעסערלעך שאַרף שטעכן ס׳לייב, הענט און פיס,
אַ לאַבן ברויט איז וואַרעם, אַ לאַבן ברויט איז לעבן, זאַט און זיס.

אַ וואָלקנדל שווימט, אַ וואָלקנדל יאָגט, קרייזט זיך הין־און־צוריק,
אַף דער לעוואָנעס פּאָנעם שאָטנס, אַף דער לעוואָנעס האַלדז — אַ שטריק.

וואַרגט זיך צווישן די דעכער די לעוואָנע מיטן פּאָנעם פון אַ נאַר
און בעלמעט מיט רייפלעך מעש צום צאַנקנדיקן פלעק אַף טראָטואַר.

כווישעכט די לעוואָנע, ווי ס׳פּאָנעם פון אַ טויטן אין פעלד באַנאַכט,
שטיל די שטאָט, שטיל די גאַס, דער שאַנטאַן איז שטיל, פאַרמאַכט.

שטיל דער שוואַרצער פלעק; שטיל זיין קאַלט־פאַרשטאַרט געביין.
פון זיין טיפן אויג, פון זיין בלייכער ליפּ רינט קינדיש געוויין.

צוקט זיין לייב מיט אומעט, צוקט זיין לייב מיט טרויער, מיט שטיל געזאַנג.
לעוואָנעס פּאָנעם הינטער כמאַרע־קרעפּ רינט אויס, בלאַסט און צאַנקט.

קעגן בלאָ פון באַגין קלאָגט וואו און יאָמערט אַ הונגעריקער הונט
און ס׳פלאַטערט אַ גוף, ווי אַ שוואַרצע פאָן אין קאַלטן פרימאָרגן־ווינט.

.1937

# באַלאַדע פון דער מוטער און קינד

דער טאָג גייט אויס, די נאַכט קומט אָן
אין פּלאַטער פון אַ שוואַרצער פאָן.

צום אונטערבאַן, אויף טרעפּ פון שטיין,
הינטער רונדן לאָמפּ אין געלן שיין, —

שטרעקט זיך אַ האַנט — בלייך און בלוי
פון אַ הונגעריקער פרוי.

אַ דאַרע האַנט, אַ מוטער־האַנט,
אין שפּאַן־געדראַנג צום אונטערבאַן.

אַ האַנט, וואָס מעסט דורך ווי און שאַנד
דאָס ברייט פון גרויסן זאַטן לאַנד.

אַ האַנט און פינגער — שאַרפע צוויין,
וואָס שניידן דורך די שטאָט מיט פיין.

אַ האַנט און פינגער — האַרטער ביין,
וואָס שפּיצט זיך טיף אין אויג אַריין.

אַ האַנט אין מאָנונג אויפגעשטעלט:
פּאַר קינד באַ ברוסט די גאַנצע וועלט!

דאָס גאַנצע זעט פּאַר פּיצל קינד
אין הונגער־שלאָף באַ ברוסט אַצינד.

באַ טרוקן־קוואַרער מאַמע־ברוסט
און בליקן — פּיין און פּאָנעם ווּסט.

דער טאָג גייט אוים, די נאכט קומט אָן
אין צאַפּל פון אַ טרויער־פּאָן.

דער טאָג גייט אוים, די נאַכט גייט אוים
און אויך דאָס קינד אין מאַמעס שוים.

דאָס בלוט — אַ ברי, דאָס לייב — אַ שניט
און ס'הענגט איר האַנט פאַרכאַלעשט, מיד.

מיד, פּאַרכאַלעשט, האַרט און שטאַר,
ווי דראָענדיקער ווייַ און צאַר.

וואָס וועט זיין, אָ, וואָס וועט זיין, —
טריפט איר פּיין אַף טרעפּ פון שטיין.

וואָס וועט זיין, אָ, וואָס וועט זיין, —
שפּריצט אַ שוים דורך אירע ציין.

וואָס וועט זיין, אָ, וואָס וועט זיין, —
שניידט איר קלאָג אין נאַכט זיך איין.

אַ קלעם דאָס האַרץ, אַ צוויק דעם גוף
און טיפער יאָמער איז איר רוף.

נאָך אַ שאָ, נאָך צוויי און דריי
און ס'וועט פאַרגיין איר לעצט געשריי.

די לעצטע מאָנונג וועט פאַרגיין
אַף טונקלע טרעפּ פון קאַלטן שטיין.

נאָך אַ שאָ, נאָך צוויי און דריי
און צו דער מאַמען — ווינד און וויי!

צו דער מאַמען ווי און ווינד,
באַ דער ברוסט מיט טויטן קינד.

דער טאָג גייט אויס, די נאַכט קומט אָן
אין ציטער פון אַ שוואַרצער פאָן.

אַף קאַלטע טרעפּ אין געלן שיין
צאַנקט דער מאַמעס שטיל געוויין.

אַף טונקלע טרעפּ צום אונטערבאַן
הענגט נאָך אַליך אַ קוואַרע האַנט.

מאָנט נאָך אַליך דער מאַמעס האַנט
דאָס ברויט און זעט פון רייכן לאַנד.

1941

# באַלאַדע וועגן אַ מענטשן באַנאַכט

שטייען אָפֿן די טירן פֿון דער נאַכט — אַ טיפֿער אויפֿגעפּראַלטער שלונג,
דער פֿילקאָלירנדיקער דנאָ פֿון דער נאַכט — ווײַן, טאַנץ און זונג.

מיניעט זיך די שטאָט אין בלענדיקע פֿאַרבן, רויט־גיעל און בלוי־גרין,
הוידעט זיך איבער איר אַ מענטש, ווי אַף פֿאַרביקן שפּינוועבס אַ שפּין.

בלויע אויגן האָט ער, דער מענטש, ווי דער וועלטס זיבנהימלדיקער בלוי,
נאָר דאָס געמיט זײַנס, דאָס געמיט זײַנס—אַ שטיק כמאַרעדיקער גרוי.

און ער בענקט נאָך פֿרייד, דער מענטש, פֿרייד, ווי
אויפֿגעשלאָגענער קוואַל,
פֿרייד, אַזוי לויטער, ווי דער ערשטער לויטערער באַגינענדיקער שטראַל.

גלי האָט ער אין די בלוטן, דער מענטש, גלי, וואָס וואָלט
פֿאַרברענט די ערד,
וואַקלט ער זיך אַף הײַמער ערד און ווערט אַף איר אַליין פֿאַרצערט.

טראַכט ער, דער מענטש, טראַכט פֿאַרוויטיקט צום טויזנט איינעם מאָל:
ס'רינט אַראָפּ דאָס לעבן מײַנס אין טויטן קייווערדיקן טאָל.

טראַכט ער, דער מענטש, טראַכט מיט פֿלאַם אין זײַן גאַנץ געביין:
ס'לעשט זיך, ווי שקיע, יאָר נאָך יאָר, אין שטילן אָוונטיק פֿאַרגיין.

אַרום אים—די נאַכט, שרייט פאַרשייט, נאַקעטע אָרעמס שטרעקט זי אויס
און טוליעט אים און וויגט אים איין אין איר פרעכן קאַלטן שויס.

זי ווישט זיין לעצטע טרער דורך וואַרגנדיקן עלנט פון נעכט און טעג
און צינדט אַרום זיין קאָפּ די אומעטיקע ליכט אַף טריט פון לעצטן וועג.

שמייכלט ער, דער מענטש, שמייכלט אין זיין טרויער, טרויערט
אין זיין פרייד

און זעט, ווי אַף די מאַטבייעס פון זיין אומעט, די פרייד זיינע פאַרגייט.

די אויגן—שטיקער זשאַר, פינקלען־אויף און טליען אין אויסלעשנדיקן פונק
אַפּן דנאָ פון דער נאַכט, אין איר טיף־אויפגעפּראַלטן שוואַרצן שלונג.

די פּיס — שוואַך־צעוואַקלטע, ווי פון שיכרעס אָנגעגאָסענע מיט וויין,
דער גוף, פילט ער, לאָזט זיך אַראָפּ, אין אייביקער רו שלאָפט ער איין.

דער קאָפּ — אַ טאָפּ בליי, פילט ער, אַז די אַקסלען בייגן זיך שווער אַראָפּ,
די נאַכט האָט אים זאַט אָנגעקאָרמעט מיט איר פולער שוואַרצער גאָב.

ער שלעפּט די פּיס אין פּלאָנטער, פאַלט, ווי אַן אונטערגעשניטענע זאַנג,
בענקט און זוכט אַ רואיק־ווייכע בעט אין זיין נאַכט־בלינדן גאַנג.

ער פאַלט, הייבט זיך אויף, פאַלט און קריכט און זוכט אַ שוועל, אַ טיר
און ס'צוקט זיין גוף אין הייסן אויפגעקלאָג פון טויטס אייזיקן באַריר.

ער פאַלט און זינקט אַריין אין ברוק, ווי טראָפּנס אַף אַ שטיין — — —
ווי זיבן־הימלדיקער בלוי זענען זיינע אויגן בלוי געווען.

צאַפּלט זיין גוף אין לעצטן אָטעם־צוג, אין לעצטן אייביקן פאַרגיין — — —
אַמאָל האָט זיין געביין געשלאָגן מיט דער פרייד פון וואָרן זיין.

1939

# באַלאַדע וועגן גרויען קאָפּ

אין ליידיקן הויף, הינטער שטייניקע ווענט
ליגט די נאַכט מיט פֿאַרבראָכענע הענט.

אַף אַ פֿאַרלאָשענער שויב אַ שטערן גרין
וויגט זיך אין מאַיקן ווינט, ווי אַ שפּין.

אַ שאָטן — שוואַרץ, שוואַרץ ווי די נאַכט,
היט און וואַכט, שטומט און וואַכט.

וואַכט מיט שרויט, מיט רינג, מיט קייט
איבער הענט אין בונט, איבער הייסע רייד.

אָבער אין פֿינצטערן צעל, קאַלט און טריב,
זייגט גרויקאָפּ שטיל דורך צײַן און ליפּ:

— „...פֿון טיפֿסטן טעהאָם רינט אויס די נאַכט
און ליכט גייט אויף אַף נאָענטן שליאַך.

אַף מיין אַלטן קאָפּ, אַף מיינע גרויע האָר,
וועט אויפֿגיין דאָס ליכט פֿון נייער וואָר.

דער שווערער פּיין פון מיינע זעכציק יאָר
וועט זיין זעכציק מאָל ליד פאַר נייעם דאָר.

איז מיין פאַרוואָגלט לייב, מיין געביין גרייט
צו מאַרטער־פרייד, צו טליע־פרייד..." — — —

און דער שאָטן — שוואַרץ, מיט שוואַרצן זין,
וויגט זיך אין ווינט ווי אַ שוואַרצע שפּין.

דער ווייטער רויש פון דער גרויסער שטאָט,
שלעפּט דורך דעכער זיין מידן טראָט.

דער הימל (פאַר גרויקאָפּ מיט מויערן פאַרשטעלט),
גרויט און שטומט, ווי זיין שטומע וועלט...

און גרויקאָפּ — בלויז הויט, בלויז האַרטער ביין,
גראָבט זיינע נעגל אין קאַלטן שטיין.

ברעכט זיינע פינגער אַף ווענט פון צעל,
די לעצטע נאַכט אַף דער טפיסע־שוועל.

זיין פּאָנעם — בלייך, זיין פּאָנעם — געל,
עפּעס גליט און בראָט טיף אין דער קעל.

עפּעס וואָס אין מויער גיסט זיך ווי בליי
און זיין לייב קלעמט־אויף מיט לעצטן ווײ.

ס'פּלאָטערט־אויף זיין אַלט לייב און געביין,
פאַלט צוריק אַפן ברוק, ווי ליים, ווי שטיין.

די הענט אויסגעשפּרייט, די אויגן — פאַרגלאָזט,
שפּיציק די גאָמבע און שאַרף די נאָז.

— „זאָל עס זײַן דער סאָף, אָ, ברידערלעך, זאָגט,
און ס'רינט אויס די נאַכט אין ליכט פון טאָג? —

און זעכציק מאָל ליד, זעכציק מאָל פרייד
פאַר זעכציק מאָל פּײַן, זעכציק מאָל לייד? —

זאָל עס זײַן שוין דער סאָף צו טליִע און קייט — — — —
און ס'הענגען פאַרשטאַרט די הענט אויסגעשפּרייט.

די אויגן — צוויי שמייכלען, די ליפּן — באַשייד:
פאַר נײַעם דאָר — זעכציק מאָל פרייד.

דאָס פּאָנעם — אַ שטראַל, ווי לויטערע וואָר
מיט זעכציק מאָל ליד פאַרן ליכטיקן דאָר.

דער גוף — אַ געזאַנג, אַלץ העכער, אַרויף
דורך קראַטעס פון צעל, דורך שאָטן פון הויף.

און אין טפּיסנעס הויף, אין זוניקן בלענד,
האָט געזונגען באַגין צווישן שטייניקע ווענט.

1938

# באַלאַדע וועגן מאַטראָס, נאַכט און טויט

די נאַכט האָט געגרינט, די נאַכט האָט געבליט
מיט גראָז און מיט שטערן, מיט וויין און מיט ליד.

דער טייך לאַ פּלאַטאַ האָט געדרישט אין זיין גאַנג,
די נאַכט האָט געצוקט מיט באַנגלעד געזאַנג.

די שויבן פון קאַפע־הויז פון „על אַנקלאַ"־באַר
האָבן געגליט אין דער נאַכט, ווי רויטער זשאַר.

ווי רויטער זשאַר האָבן די פענעמער געגליט
פון ביר און פון וויין, פון טאַנץ און פון ליד.

דורכן בלאָען רויך פון פּייקעס און ציגאַר
האָבן די אויגן געפינקלט, ווי פונקען פון זשאַר.

נאָר הייסער פון זשאַר די אויגן פון מאַטראָס,
וואָס האָט געדויכערט, געטרונקען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז.

געטרונקען, געווינקען צום מיידל נאָכאַנאַנד,
דאָס מיידל אין קרעלן, אין רויטן האָר־באַנד.

— „אָ, מיידל, מיין מיידל, צו מיין טיש גענען,
שיין ביסטו איצט און שיין ביסטו געווען.

שיין ביסטו געווען און שיין וועסטו זיין,
קום צו מיין טיש און טרונק מיט מיר וויין.

ביסט שיין ווי דער פרילינג, וואָס גרינט און בליט,
די בענקשאַפט פון יאַם און זיין אומעטיק ליד.

ביסט שיין, ווי דער הימל מיט שטערן באַזייט,
דיינע אויגן — צוויי שטערן, בלאָע פרייד.

דיר דערציילן די בענקשאַפט אַף יאַמיקן וועג
אין נעפל, אין שטורעם דורך נעכט און דורך טעג.

אָ, בלאָנדע מיידל, ביסט מיין פרילינג צעגרינט,
דאָס זוניקע גאָלד, דאָס גלעטן פון ווינט.

אָ, מיידל, מיין מיידל, קום נענטער, געגען,
שיין ביסטו איצט און שיין ביסטו געווען". — — — —

און די נאַכט איז געגאַנגען, געגרינט און געבליט
מיט גראָז, מיט שטערן, מיט צעפרילינגטע טריט.

דער טייך האָט געדרוישט אין זיין אייביקן גאַנג,
די נאַכט איז געווען פול מיט טרויער און באַנג.

אַף די שויבן האָט דער ווינט געברענט נאָכאַנאַנד,
דאָס מיידל האָט געברענט, ווי אַ פלאַם אַף דער וואַנט.

ווי אַ פלאַם אין די הייסע אויגן פון מאַטראָס,
וואָס האָט געשליידערט פון טיש אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז.

דאָס מיידל אין קרעלן, אין דעם האָר־בענדל רויט,
האָט קאַלט אויפגעציטערט אין אָנבליק פון טויט.

דעם מיידלס קאָפ האָט זיך אַ הויב־געטון הויך,
ווי אַ פלאַמיקער קנויל דורכן געדיכטן רויך.

דער באַר האָט זיך צעוויגט פון טיש ביז טאַבורעט
אין קאַלטן בליאַסק פון אַ לאַנגן שטילעט.

פון קאַלטן שטילעט, וואָס האָט אַ בליץ געטון בלאַנק — — — —
און דאָס מיידל איז געפאַלן, ווי ס'פאַלט אַ זאַנג.

און פון מיידל האָט געשנירלט בלוט נאָכאַנאַנד,
צוויק־רויט איז געוואָרן איר רויטער באַנד.

און די נאַכט האָט ווייטער געגרינט און געבליט
מיט גראָז און מיט שטערן — רויטע, ווי בלוט.

דער טייך האָט געמורמלט, זיך געדראָלן אין גאַנג
אין צעצאַפלטער שרעק, אין אומעטיק געזאַנג.

1938

# פרילינג־ליד

ווען פרילינג, אָ, ווען פרילינג זינגען שוין כאָראַל די צייט־פּאָעטן,
זיי דערבליקן שוין רינגאַרום, אין אַלץ די זוניק־גרינע פרייד;
נאָר איך זע נאָך אַלץ אין מיין נאָענטקייט בלוט־געטונקטע בלעטער,
איך פיל נאָך אַלץ, ווי דער כאַלעף איבער ברידער־העלדזער גייט.

איך האָב דאָך אויך, ווי זיי, די זינגפייגל־פּאָעטן — געפּילפּולע כושים,
ווי דינע סטרונעס טאַקע, וואָס גייען אויף מיט טאָן און קלאַנג;
כ'זע דאָך אויך אין זון־פאַרגאַנג כמאַרעלעך זיך זעגענען און גריסן
אין זייער ווייטן, אין זייער שטילן פיל־קאָלירנדיקן גאַנג.

די פרימאָרגנס, וואָס צעעפענען זייערע אויגן — בלומיקע און בלויאיק
און פאַרכלינען דאַן די גאַנצע וועלט מיט כאָלעמדיקן באַנג;
און אַלע שווערע אומעטן צעוואַשן די פאַרנאַכטן — ראָזיקע און טויאיק,
זיי צעציטערן אין האַרץ אַף לאַנג אַ לירישן געזאַנג.

ווען פרילינג, אָ, ווען פרילינג זינגען שוין די קאַלענדאַר־פּאָעטן,
זיי זעען שוין רינגאַרום, אין אַלץ... וואָס זעען זיי, וואָס? —
זיי טרילערן דאָך דאָס גאַנצע לעבן אַלץ די זעלבע לידער און סאָנעטן,
אַז ס'איז גאָר צו דעם קיין סאָף, קיין שיר נישטאָ, קיין מאָס.

קיין שיר, קיין מאָס איז דאָך נישט פֿאַראַן, נאָך וויאַזוי נישט פֿאַראַנען
צום וויי, צום פּיין, צום אומעט פֿון מיין בלוטנדיקן דאָר, —
ווי קען איך — איד, איך — מענטש, איך — אַ וועזן לעבעדיק צעפּייניקט,
גלייך מיט זיי זיך גאָרגלען אין זינגפֿייגלדיקן כאָר ? !

ווען האָבן זיך עס צומאָל דען געאַנדערשט די פֿרילינגס און די זומערס ? —
אַ גרעזל דאַוונט צו דער זון, אַ ביימל בליט, דער הימל בלאָט, —
אַנדערש איז דאָך יאָ, און דאָס איז ס'גורל פֿון מיין ליידנדיקער אומע
אַף דעם פֿלאַמיקן גאָלגאָטע־טראָט, וואָס ברענט איר און בראָט.

דער צוואָנציקסטער יאָרהונדערט קלאָגט אין מיר מיט פֿיבערדיקן אומעט,
כ'פֿיל: איך ווער צעריסן, איך ווער פֿאַרצערט, איך — צאַנק, —
העי, זינגפֿייגל־פּאָעטן, זאָגט: ווען איז אַנדערש דען געווען דער זומער,
אַז אַ רועך אין אייער לייב אַריין מיטן בלוי־זוניקן געזאַנג !

מיט אייער ליד, דאָס ליריש־זיסלעכע, איר צילט פֿאַרשטילן און פֿאַרוויגן
די טיפֿע אייטערדיקע שניטן פֿון מיין מעהומעדיקער צייט, —
אָ, איך קען אייך גוט און דעריבער שליידער איך צוריק דעם זיסן ניגן
וועגן אייער פֿרילינג־צעזוניקטער, בלויער, גרינער פֿרייד . . .

דער פֿרילינג אַלצעזונגענער און קוואַלנדיק פֿאַר אַלע ברידער־פֿריידן
שטומט נאָך אַ געבונדענער אין די גרוילנדיקע אָרעמס קעלט . . .
איך האָף, אַז טאָקע מאָרגן וועט ער, אַ געלייטערטער דורך זיינע ליידן,
אויפֿגיין, ווי דער רייפֿסטער, פֿולצוויטיקער פֿרילינג פֿאַר דער וועלט.

אַך, יאָ! וועגן פֿרילינג פֿלאַפּלען שוין אומעטום די זינגפֿייגל־דיכטער,
זיי דערזעען שוין רינגאַרום, אין אַלץ דאָס בלוי־זוניקע געמיט, —
נאָר אין מיר, פֿיל איך, צינדן זיך נאָך אַלץ שוואַרצע טרויער־ליכטער
און צאַנק אויס איניינעם מיט מיין ברודערס פּיין און בלוט.

1940

# לעוואָנע־ליד

אָ, טעמפּע מעשענע צורע איבער דעכער, איבער ביימער און שטאַכעטן,
כאָטש דיך זעען טרוימער—אַ גאָלדענער קאָפּ אַף הימלדיקן בלאָ;
לי־טאַי־פּע האָט צו דיר געזונגען זיינע בלייך־פֿאַרכאָלעמטע סאָנעטן
און וואָכעדיק־האַרב האָט דיך געשאָלטן — עדגאַר עלען פּאָ.

צומאָל, אינגלווייז, האָסטו באַלויכטן מיין וועג צווישן רייפן קאָרן
אין זומער־נעכט, ווען כ'האָב געכלינעט מיט אומקלאָרן געזאַנג;
איצט ביסטו פֿאַר מיר — אַ שפּין, ווי אַ אָפענע רויטע וואונד געוואָרן
איבערן גראָ פֿון מיין מעטראָפּאָליע, אין מיין וואָכעדיקן גאַנג.

איבער שטיין און ברוק, דורך אומרו, הינטער הויך־מויערדיקן שווייגן,
כ'שלעפּ מיך דורך נאָענטן עלנט, דורך ווייט־אומהיימלעכער פרעמד, —
זע איך, ווי אנטקעגן דיר, לעם אַ האַרבסט־ביימל מיט נאַקעטע צווייגן,
לויזט אַ צעשויבערטער נאַווענאַדניק זיין איינונייינציק העמד.

און באַ מיין ברודער — נויט, ביסטו צומאָל צו אַ צענער־סענט געגליכן
און ער וויל דיך אַראָפּשלעפּן פֿון דיין הויכן הימל־ווייט,
אַז ס'זאָלן זיך צעזידן זעטיקע טעפּ אַף די טונקעלע הונגעריקע קיכן,
אַז די טישן זאָלן אויפגיין מיט קאָרנברויטיקער פרייד.

כ'באַגעגן דיך צומאָל, ווי אַ וואַנזיניקן, אַף פֿאַרלאָשענע קרומע שטיגן
וואו ס'שאָטנט אַ היימלאָזער אין זיין שווערסטער דרימל־שאָ, —
און דו רויבסט באַ אים דעם שלאָף מיט דיין נאַרישן מעשענעם איגל,
דו שניידסט אַדורך אומרואיק זיין שטילסטע זיסע רו.

דו זעסט דאָך אויך, ווי איך, דורך קאַלטער שויב, מיין קראַנקן שאָכן,
ווי דער רויטער גלי ברענט זיין באַק אין שטאַרבנדיקן וויי;
דו זעסט די הענט פֿון שטוביקע, הענט — אין אויפֿגעקלאָג פֿאַרבראָכן,
און דו איילסט זיך נישט צו טראָגן הילף און טרייסט פֿאַר זיי.

כ'טרעף דיך הינטער אומעטיקע קראַטעס פֿון בענקשאַפֿט און צאָרן,
דו פֿויזעסט, ווי דער שוימער, מיט אַ קאַלטן גרינעם בליק;
דו האָסט געזען און אַנסט, ווי מען פֿירט צו טליע אַ יאַט פֿון אַכצן יאָרן
און שוויגסט, ווען ס'קנופּט זיין האַלדז דער וואַרגנדיקער שטריק.

כ'זע דיך אָפֿט אַף פּלאַסעם, אַף וואָגל־בענק, הינטער ווענט פֿאַרבאָרגן,
וואו ס'דעכעט ווער מיט לונגען, פֿאַרטרוקנטע צום טויט;
דו ברענגסט דאַן קיין טראָפּן ליכט נישט צו זיין כאָרכלענדיקן גאָרגל,
ווען זיינע אויגן ווערן שטאַר, די ליפּן — שטייף, פֿאַרבלויט.

אָ, טעמפּע מעשענע צורע פֿאַר די וואָר־וואָכעדיקע, ערדישע פּאָעטן,
כאָטש פֿאַר טרוימער — אַ גאָלדענע בענקשאַפֿט אַפֿן הימל־בלאָ;
איך האָב פֿאַר דיר קיין אָטעם נישט, קיין שפּור פֿון לירישע סאָנעטן,
ווען איך זע דיך, ווי ס'האָט דיך געזען, עדגאַר עלען פּאָ.

1939

# נאַס קאָריענטעס

(פּאָעמע)

כ׳וויים נישט מיט וואָס די ביסט אַנדערש פון נאַלעווקעס אין וואַרשע,
סאַראַ כילעק ס׳איז דאָ צווישן דיר און יענעם האַנדל־צענטער;
סיי דאָרט, ווי דאָ, ציען זיך טאָמיד די טעג מיט טיף־טרויעריקע מאַרשן,
כאָטש דער רויש פון אויטאָ און טראַמוויי, איז שטאַרקער דאָ צעפּענטעט.

די רעקלאַמעס פון נעאָן־ליכט לייכטן דאָך אומעטום דאָס זעלבע
און פאַרגיסן טיר און שויב מיט פאַרבן אַלערלייאיק;
באַגלייך די שויי־פענצטער פון אויסגעפּוצטע קראָמען און געוועלבן,
אומעטום איז דאָך מיסכער אַלצאיינס גאַסיק, שרייאיק.

און פונקט ווי אַף דזשיקע, נאַלעווקעס, דעם האַנדל־פּונקט פון וואַרשע,
שפּאַנט דאָס לעבן אַף קוליעס און אין גאָלדענע פּאַנטאָפל;
ווער ס׳שפּייזט זיין בויך מיט פּאָמעראַנצן און מיט צוקערדיקע נאַשן,
ווער אַ הונגעריקער טראָגט אין פּאָלע אַ פונטעלע קאַרטאָפל.

ס׳איז דערפאַר מיר היימיש די ווייטע שטאָט מיט איר נאַס קאָריענטעס,
ווייל היימיש איז מיר אַלץ, וואָס וויקלט זיך אין פּיינען;
כ׳קען אויך דעם בליאַסק און שימער פון געצירטע דעפּאַרטאַמענטן,
וואו ס׳כראָפּעט אין האַלבן טאָג די זעט דורך אָפּגעגילדטע ציינער.

און אַזוי פֿאַרהיימישט שפּאַן איך דורך די לאַנגע גאַס קאָריענטעס
אין זון־באַפֿלייצטע טעג, ווי אין נעכט — כמאַריק־שווערע
און פּונקט ווי אומעטום ציען זיך דאָ צו מיר דאַרע קינדער־הענטלעך
און שוואַרצע, בלויע אייגלעך טרינקען זיך אין טרערן.

און פּונקט ווי אומעטום, דאָ רייסן אָפּ די פּאָלעם אינגעלעך מיזערנע
און שטרעקן שאַכטלעך בילּיקע באָמבאָנעס, שיין פֿאַרוויקלט;
זיי בעטן שטום אַף דעם אָרעמען פֿאַרדינסט, גיריק־גערנע,
און פּיסקלעך שעלטן, צערענען, אַז מ'גיט זיי נישט דעם ניקל.

וואו ערגעץ אַ זייטיק ווינקל, אַזויפֿיל אויפֿגעשטעלטע הענט צום בעטל,
דער אַף טראַמוויי צו זוכן אַרבעט, יענער אַף אַ ביטן ברויט אַ זאַטן, —
ווייס איך נישט דעם אונטערשייד פֿון דאָ ביז פֿרעמדן שטאָט און שטעטל,
וואו ס'שלעפּט זיך אום די נויט אין אַלט־צעפֿוילטע שמאַטעס.

אין מוידיקע נישעס אַלטע ווייבער, פֿאַרדייגעט און פֿאַרביטערט,
זיצן פֿון באַגין ביז נאַכט באַ שאַפּקעס פּאַפּיראָסן, בלעטער;
האָט די זאָרג צעאַקערט דעם שטערן, דעם גוף פֿאַרגרויט, געעלטערט
און אַזוי לעבט מען מיט דער האָפֿענונג: מאָרגן, שפּעטער...

און מערידן־געלע אידן אין קאַפּאָטעס, אין פֿאַרביקע פּיזשאַמעס,
אָבער אַלע מיטן פֿייערדיקן כּויסעם זאָרג פֿון היימען ווייטע, —
שלעפּן זיך אַרום אין בליציקן בלענד פֿון אויפֿגעשריגענע רעקלאַמעס
און ביטן־אָן שנורעוואַדלעס, זייפֿלעך, האַנטוכער, קראַוואַטן.

אַף אָט די אידן וואַרט דאָס ווייב און פּיצלעך קינדער זעקס און זיבן,
ס'וואַרט דאָס גאַנץ בני־בייעס אַף זייער איינציקן שפּייזער;
נישט איין טאָג אַף טראַמוויי־בילעט די איינציקע סענט נישטאָ צו גיבן,
עפּעס נישט געווען קיין מאַזל היינט אין פֿאַרקויפֿעכץ, אין לייזעכץ...

יאָ, אַזוי־אָ זע איך אַלע טאָג די גרויסע גאַס, די רוישיקע קאָריענטעס
און פאַרנאַכט ווען געשעפטן פאַרציען זיך מיט שלעסער און ראָלעטן, —
דרימלט איין אין שווערן שלאָף דאָס לעבן, דאָס וואָכיקע, צענטענטיקס
און אַ צווייטס וואַכט־אויף צו גענוס און פריידיקן געלעכטער.

און כאָטש אַף סלופעס וויגן זיך די לאָמפן, ווי אַ שנור גאָלדענע לעוואָנעס
און דער טאַנגאָ פלייצט אַרויס פון קאַפעען, קאַבאַרעטן, באַרן, —
דאָך זע איך גרודעס פיין און שטיקער נויט באָרוועס שפאַנען,
ווי וואָיענדיק געיאָמער אַף ברוק פון אַספאַלטירטע טראָטואַרן.

אַף קאַלט־שטייניקן ראָג דרימלען נאַווענאַדע, געקאָרטשעט, געהאָרבעט
און כאָלעמען פון אַ וואַרעם לעפל זופ, פון ווייס־צעבלאַנקטע בעטן;
פינצטערן מיט נאַכט, ווי הימלאָזע, פאַרבינדענע קלומיקעס און טאָרבעס,
כאָטש ס'איז דאָ אַזויפיל הייזער, אַ לעבן ליכטיק, זעטיקס.

כאָטש ס'איז דאָ אַזויפיל מאַגאַזינעס, אַזויפיל קלייד־און שיך־פאַבריקן,
דער ראָד פון דער פראָדוקציע דרייט זיך ראַש און שנעלער, —
דאָך אַזויפיל לייבער אין טראַנטעס, צעפוילטע און צעפליקטע,
אַזויפיל נישט־באַשיכטע פיס אַף גאַסן — ליכטיק־העלע.

כאָטש מיט אַזויפיל שפייז און זעט ברעכן זיך די פולע אַלמאַסענעס,
ס'שימלט ברויט און וואורשט און פלייש און פרוכטן פוילן, —
דאָך אַזויפיל שאַרף־הונגעריקע ציין און אויגן דאָרשטיקע, צעברענטע
און באַקן, פענעמער, ווי גלאָווניעס — שוואַרץ און קוויליק.

און וואו אַ ראָג באַגעגנט מען אַ גאַסנמיידל מיט שאַנד אין אָרעמע באַגערן,
פאַר קליינעם לוין זי גיט דאָס לייב פאַר ליבע, קוש און צערטל;
זי נעמט־אויף איר גאַסט מיט פרייד אַזאַ, וואָס זינגט אַרויס פון טרערן
און טוליעט זיך צו שיכער, כוליגאַן, ווי צום כאָסן און באַשערטן...

די „האָטעלן” רויבן אויס דעם לעצטן סענט און וואו אַ פינגערל, אַ זייגער
און אין די הימלען הויבן זיך די שטאָקן איבער טעג, מעסלעסן, —
מערן זיך די זנוס־שטיבלעך, די בעטלעך, די קראַנקע שאַנד־געלעגערס
און אַזוי־אָ בליט דער סיפילים, דאָס צעפוילעכץ און צעפרעסעכץ.

ראָיען אַלע שטאָטישע שפיטעלער מיט כוילאָים, יונגע און אַלטע,
פאַר טויטע גופים פאַרפעלן טרומנעס, שוואַרץ־געדעקטע מיטעס, —
ציען זיך גאַנצענע טעג שוואַרצע אַגאָלעס דורך טומל פון קאָריענטעס
און ווערדער צלאָמים וואַקסן אויס אַפן ברייטן טשאַקאַריטאַ. — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, רוישיקע קאָריענטעס פון מיסכער, לוקסוס, אָרעמקייט, מיזעריע,
מיט בלומען אויסגעפוצט, מיט פאַרביק ליכט באַפלייצט, באַגאָסן, —
דו, כוט־האַשעדרע שטאָטישע, דו, רוישיקע באַוועגלעכע אַרטעריע
פון בוענאָס־איירעסדיקן בלאָף און פאַלש־צעפויקטע פרייד־גענוסן.

באָטש ביסט צו אַלע גרויסשטאָט־גאַסן, ווי צוויי טראָפן בלוט, ענלעך
און ווי אַלע פלעכסט די שטריק, וואָס זענען גרייט צו שטיקן, —
דאָך ברויזט אין מיר אַזאַ הייסער האַס, ווי קיינמאָל, אומגעווײנלעך
און כ'וואָלט צעטרייסלט, צעשאָטן דײַנע מויערן אַף שטיקער.

ווייל קינדער־הונגער און טאַטע מאַמע־צאַר פלאַקערן ווי סרייפעס,
וואָגלער־פיין און גאַסנמיידל־שאַנד קענען הילן שטעט אין פלאַמען;
און הונגעריקע הענט, וואָס שטרעקן זיך צו טירן פון רייכע הויפן,
קענען אויפרייסן די וועלט מיטן גאַנצן אומרעכט אירס צוזאַמען.

1936

# אונדזערע מאַמעס

(פּאָעמע)

אונדזערע מאַמעס, צעקנייטשטע אידענעס ווי אַלטע ספרים און חומשים,
וואָס וויעָן מיט שימל, שטויב און טוּכלעקייט פון דורותדיקע יאָרן;
דורך זייערע טעג ציט זיך אַ לאַנגער גרויער נעפּלדיקער ביינהאַשמאָשעס
מיט שטיל געוויש פון טאַהאַרע־ברעט, פון טאַכריכים און פון קוואָרים.

זייערע געלע וואַקסענע הענט טרייסלען זיך ווי דינע אָפּגעדאַרטע צווייגן,
ס׳ציטערן זייערע שוואַכע קראַפּטלאָזע פיס, שווער־טריטיקע, שלעפּיק;
אַ גאַנצן טאָג פּאָרען זיי זיך באַם אויפקאָכן אַ לעפל יושקע, צי אַ טייגל,
און שפּעט אין אָוונט כלעפּטשען זיי ס׳געקעכץ, אָנציייניק, גלייך פון טעפּל.

די זילבערנע קעפּ פּאַרוויקלען זיי אין טיכלעך, אין זיידענע פאַטשיילעס,
וואָס האָבן זיך פּאַרוואַלגערט פון לאַנגן אַמאָל אין קופערט, אין קאָמאָדע;
זיצן אַף די פּריזבעס און פּאַר יונגע ווייבלעך מייסע נוירעס זיי דערציילן,
און אַלם צולאָג פון פּאַרצייטישע קרינאָלינעס און די דעמאָלסטיקע מאָדעס.

שפּעטער, ווען נאַכט פליט אָן ווי אַ שוואַרצע ווראָנע אַף נידעריקע דעכער,
זאָגן זיי אַ „גוטע נאַכט", לייענען קרישמע, נעמען בעטן דאָס געלעגער;
זיי ליגן לאַנג און טראַכטן, דרימלען צוביסלעך, סאָפּען שווער און דעכען,
און ציילן יעדן קרעכצנדיקן קלונג פון שכיינעסדיקן הייזעריקן זייגער.

אָט די זקיינעס, אונדזערע מאַמעס, איינזאַמע, אין עלנטע, קאַלטע שטיבער,
פּאַרבענקטע אין טיפן שווייגן צו טעכטער, זין אין אַמעריקע, אַרגענטינע,
טראַכטן און טרויערן, וואָס נויט האָט קינדער ווייט פון היים פּאַרטריבן,
זיך צעפלויגן ווי פייגל פון צעשטערטע נעסטן איבער לענדער און מעדינעס.

אַוועק איבער יאַמיקן ווייט, וואו מ׳קאָן נישט קומען נאָכמיטיק שאַבעס,
צי אַ יאָנטעוו־טאָג, ווי דער שטייגער, הערן, זען, וואָס קינדער טוען;
איצט איז בלויז געבליבן וואַרטן ביז זיי וועלן זיך דערמאָנען און שרייבן
אַ בייגעלע פּאַפּיר דער מאַמען ערגעץ אין פּוילן, אין פּאָלעסיע, וואָלין.

און טאַקע גלייך ווי קליינע שייבלעך גייען־אויף מיט גרויען באַגינען,
קריכן זיי אַראָפּ פון בעט, גיסן נעגלוואַסער אָפּ, קלאַמקען „מודע אַני";
עפּשער הײַנט וועט קומען אַ בריוו פון מיין לייזערן אין ווייטן אַרגענטינע,
ער האָט דאָך צוגעזאָגט נישט פאַרגעסן קיינמאָל אין דער אַלטער מאַמען.

זיי שלעפּן גיך אַף זיך אַרויף אַן אונטעראָק, שטעקן־אָן צוויי שקראַבעס,
שטעלן זיך אַף דער שוועל, זשמורען קורצזיכטיק אין העלן פרימאָרגן:
ער האָט דאָך צוגעזאָגט, מיין לייזער, יעדע וואָך אַ בריוול אָנצושרייבן,
אַז זאָלסט נישט איבערקלערן וועגן מיר, זאָלסט, מאַמע, גאָרנישט זאָרגן.

און זיי שטייען אַלץ, קוקן אין ליכטיקן טאָג אַריין זוניק אויסגעבראָכן:
דאַכט זיך, דער בריוונטרעגער איז אין געסל נאָכנישט דורכגעגאַנגען;
ס׳איז דאָך שוין אַריבער זיבן... צען... אַ?... יאָ, טאַקע שוין דרייצן וואָכן,
עפּשער איז ער קראַנק, מיין לייזער, עפּשער אָן אַרבעט, צאָרעס, דייגעס.

און אַזוי־אָ לויפט אַ שאָ, אַ האַלבע, דער בריוונטרעגער איז נישט געקומען,
נישט געווען מיט זיין פריידיקן רוף: „ניו־יאָרק"... „בוענאָס איירעס" — —
גלויבן נישט די מאַמעס: עפּשער זיך פאַרשפּעטיקט, ווי געווען איז אַנומלט,
אָבער טיף אין האַרץ פאַרגייט אַ ווייטיק, ווי צעזשאַרעט פייער.

דערווייל שלעפּט זיך אין געסל אַ סערעבע מיט קאַרטאָפל,
ציבעלעס אַ זעקל,
דורך געלע ציין זי זייט אַדורך: „גוט מאָרגן", וואָס הערט
זיך עפּעס, פרומע? —
וואָס שרייבט אייער לייזערל פון אַרגענטינע? געדענק אים נאָך, אַ ברעקל...
יאָ, און אייער ראָכל פון אַמעריקע? זי איז אַ קאַלע שוין מיסטאָמע?!...

שאָקלט מאַמע מיטן קאָפּ און סעדעכע שלעפּט שווער אַוועק זיך ווייטער,
אַף מאַמעס צעקנייטשטע באַקן גליטשט זיך גלייך אַ טרערן־שנירל:
ווער ווייסט, ווי קינדער לעבן אין דער פרעמד, אין די־אָ שלעכטע צייטן —
און זייערע גרויע שווערע קעפּ פאַרשווינדן הינטער טירן.

זיי שלעפּן זיך אַרויף אַפן אויפגעבעט געלעגער, בלייבן ליגן ווי הרודעס,
מיט צעקלעמטן האַרץ, צעווייטיקט לייב און פאַרבראָכענע פינגער;
זיי שלוכצן און זיי אָכצן, זייערע העלדזער דראָלן־אָן מיט גראָבע אָדערס,
די אויסגעלאָשענע פּענעמער, ווי שטיקער ערד, ווערן נאָכמער פינצטער.

זיי דרימלען־איין און פון שלאָף פּלאַפּלען זיי שטיקלעך ווערטער, אָפּגעריסן,
אַזוי ביזן טיפן טאָג אַריין, ווען געסל וויגט זיך מיט ווייבערישע קוילעס:
איינע האָט אַ שיסל ברודיק וואַסער לעם דער שכיינעס שוועל צעגאָסן,
דער דריטער — צעבראָכן דאָס בלעכן בעקעלע פון שאַבעסדיקן קוילישש.

און אַז די זון צעפלאַמט זיך, צעברייט זיך מיט נאָכמיטיק־הייסן פייער,
צעגליט מיט ברענענדיקער היץ געלעגערס פון דרימלענדיקע זקיינעס, -
צעשווייסט זיך זייער לייב, צעוועקן זיך פון ניי־יאָרק, בוענאָס־איירעס...
גלאָצן אין דער ליידיקייט פון שטוב מיט כידעש און מיט שטוינונג:

וואוזשע איז מיין ראָכל? מיין לייזער? זענען דאָך אָקערשט דאָ געוועזן,
געשמועסט, גערעדט מיט זיי, זיי געגלעט, געקושט ביז טרערן...
און אַז זיי כאַפּן זיך: אַ כאָלעם... פאַרקרימען זיי די נאַסע ראָזלעכע נעזער
און שוואַרצע כמאַרעס פאַרוויקלען זייערע צעקריצטע בלייכע שטערנס.

און פאַטרויערטע, זיי ליגן שוין אַזוי ביז אָוונט אומגעטרונקען, אומגעגעסן,
בלויז פון די ליידיקע אָנצייניקע מיילער זעצט אַ געדיכטע ווייסע פינע:
„אַז אייגן בלוט און פלייש קאָן אין דער מאַמען איינס־און־צוויי פאַרגעסן,
זאָל עס אויסגעריסן ווערן ביזן וואָרצל דאָס אַמעריקע, אַרגענטינע!"...

און דער אָוונט קריכט־אָן אין שמאָלן געסל מיט פּייערלעך, מיט שאָטנס,
פאַרגליווערט אין כווישעכדיקן טונקל צעבויגענע הייזקעס פון מאַמעס.
ערגעץ רייבן רעדער שווער איבער די האַרטע, פאַרטריקנטע בלאָטעס.
א שקאַפּע דערכעט טיפּבייכיק, שמייסט וויאַרעט. כוואַטשעט פּלאַמיר.

און דער שיוורעקיילע־זייגער וויגט זיך אַלץ אַף יענער זייט וואַנט פון שאָכן,
קרעכצט אין דער נאַכט אַריין ווי אַ כוילע מיט אויסצאַנקנדיקע קייכעס,
און פאַרומערטע מאַמעס, ווי ערדענע טעפּ, צעטראַסקעט און צעבראָכן,
רעכענען נאָך יעדן הייזעריקן קלונג, ווי זייערע טעג, וואָס פאַרבלייבן.

זיי ציילן יעדע שאָ פון לאַנגן, פון נעפּלדיקן גרויען ביינהאַשמאָשעס,
וואָס ציט זיך אָן מיט קעלט אַף זייערע שנייאיקע קעפּ און יעדן איוווער;
אַלע וואָך לופטערן זיי און מעסטן אָן די לייוונטע בלאַנקע האַלבאָשע,
וואָס שאָרשעט גערוישלאָז מיט טויט, מיט בייסאַלמען און קייווער.

.1937

# אין אונדזערע געסלעך...

## I

אין אונדזערע געסלעך עקשטאַטישע שמאָלע
שלעפּן אום זיך בלאָטיקע אידן מיט קנויטיקע קויטיקע בערד,
זיי טראָגן ציבעלעס, קאַרטאָפל אין פאַרבונדענע פּאָלעס
און אויגן, ווי צעגראָבענע גריבער, זענען נאַכטיש און פינצטער —
גליווערן אין פּענעמער, שוואַרץ ווי די ערד.

מאַמעס, אַרבעטער־טעכטער, נישט־דערוואָקסענע סאָסנעס,
שטייען אין כאַטעס באַ האָרביקע שייבלעך פאַרשטופּטע מיט שמאַטעס,
קאָרמען אַ קינד אַף די הענט מיט ברויט אַ שטיקל פּיסנע
און זיי אַליין, ווי שווינדזיכטיקע קינדער, צעשאָטן אַף קאַלטן ברוק,
וואַרטן פאַרהונגערט אַף אויסגעהאָרעוועטע טאַטעס.

ווערט פאַרפרי נאַכט און שטיל
אין געסלעך אָן ליכט, אָן לופט מיט אָפּטריטן אַרומגעשטעלט,
לעשן גיך זיך אויס די פענצטערלעך אין אומעטיקן געהיל,
ווערן שטאַר, ווערן בלינד, ווי אייגעלעך פון יונגע קינדער,
וואָס האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען די זוניק־שיינע וועלט.

אין אונדזערע געסלעך, ענגע און שמאָלע,
קלאַפּט אַמאָל אויף באַנאַכט אַ שטילער געוויש פון אַ נייַ־מאַשין,
אַ גרויצאָפּיקע מויד אין פּאַרזיצעניש קלאָלע,
שטעפּט פּאַמעלעכדיק אוים מיט ביינקע פינגער
פאַר אַ שטאָטישער קאַלע אַ שלעפּ קרעפּדעשין.

וויגט זיך פאַרומערט אין שאָטן
די מאַמע, וואָס האָט נישט דערלעבט קיין נאַכעס פון איינציקן קינד,
קיין פרייד האָט איר שוועל נישט באַטראָטן
און ס'גראָבט שוין דער קאַברן אַ גרוב פאַר איר זקיינישן גוף —
אַז אָך, אַז ווי און אַז ווינד! —

## II

ווערט זוניק אינדרויסן, צעלייגן זיך אונדזערע קינדער אַף שוועלן,
ווי קעצלעך לעקן זיי אוים זיך די אויגן, רויטע ווי קרעלן
און די מאַמעס — מיט האָר ווי מאַכשייפעס, צעקודלט, צעפלאָטן,
לויזן אוים קינדערשע קעפּלעך אַף די לופטיקע זוניקע גאַסן.

זייערע טאַטעס, ווער מיט שמאַטעס, ווער אַף די לענדן מיט שטריק,
דרייען זיך אום אַף די מאַרקן און קומען אַהיים באַנאַכט ערשט צוריק;
שווייגן קינדער מיט ווייטיק פון הונגער און וואַרטן ביז טאָג פאַרגייט,
אַז ווערן זאָל נאַכט, טאַטע זאָל ברענגען די זאַטע ברויטיקע פרייד.

רויטלען זיך די קינדערשע בעקלעך, ווי צייטיקע עפּל טויט־זומער,
וואַקסט אוים אין שטורעם זייער צאַר — דער פאַרשלאָסענער, שטומער;
פון שמאַלציקע בלאָטעס, וואָס פאַרען מיט שטינקעכץ — זייער גאַס,
קומען זיי, פעלדזיקע קויכעס, וועלטן צעטרייסלען מיט סינע און האַס.

## III

אין אונדזערע אָרעמע היימען קריכן אום באָרוועסע קינדער
אונ בעטן מיט הענטלעך דאַרינקע,
מיט אייגעלעך גלאַנציקע
באַ מאַמען אַ שטיקעלע ברויט.
קען הויט־און־ביינ־קע מאַמע נישט פאַרטראָגן
קינדערלעכס צאַר,
קינדערלעכס הונגער, —
שטייט זי פאַרוויינט אין ווינקל און וואַשט ס'פּאָנעם ס'געלע
מיט טרערן מיט הייסע
און קלאָגט פאַר גאָט מיט הענט מיט בלייכע
מיט אַ טפילע אַזאַ:
— „האָב, גאָטעניו, פּאָטער, ראַכמאָנעס אַף קינדער קליינע,
פאַרנעם זייער צאַר,
דערבליק זייער הונגער;
דערבאַרעם זיך, האַרציקער שפּייזער, אַף קינדער יונגע,
און שיק זיי זייער קליינע באַדערפעניש...״
נעמט מאַמע מיט אַ לידעלע אַ שטילס איינשלעפן קינדער,
פּיצעלעך קינדער,
מיט אייגעלעך שוואַרצע,
מיט אייגעלעך נאַסע — — — — — — — —
אין אונדזערע אָרעמע היימען קריכן אום באָרוועסע קינדער
און בעטן מיט הענטלעך דאַרינקע,
מיט אייגעלעך גלאַנציקע
באַ מאַמען אַ שטיקעלע ברויט.

1934

# קילשטשינע*)

## (פּאָעמע)

### I

באַטקעס אַף באַטקעס, הייזקעס אַף הייזקעס, ווי קאָנורעס, ווי שטייגן,
דעכער אַף דעכער, אַלטע באַשינדלט, צעלעכערט, באַמאָכטע, צעבויגן;
קיין איינציקער גראָזיקער שפּאַן ערד נישט, זעלטן אַ ביימל, אַ צווייגל,
זעלטן אַ פּלאַנץ, אַ גערטל, זעלטן אַ גרינער שפּראָץ פאַר די אויגן.

בייכיקע ווענט, צעלעכצטע, צעווייקטע, מיט גרויען ברודיקן קאַלעך
איבער איינציקע פאַרלויעטע שייבלעך, פון רעגן פאַרגאָסן, צערינען;
אַ פּאָמוינע, אַן אָפּטריט, אַ בודע און פּאָדווירס, קעמערלעך, שטאַלן
און אַלע פון אַלטקייט צעשאָטן, צעלייגטע, מיט שפּאַלטן, שפּאַרונעס.

קרעכצט וואו אַ פּלויט — דריי, פיר שטאַכעטלעך, צעבראָכן, צעפּוילטע,
ליגט ער באַהאָנגען מיט נאַכט-טעפּ, מיט אַלטוואַרג, מיט שמאַטעס;
וואו א ביימל — אַ יאָסעם, מיט בלעטלעך, פאַרכאַלעשט, פאַרקוילטע,
לופטערט אַף אים זיך אַ קישן, אַ צעריסענער וואַטעווער פאַלטן.

---

*) „קילשטשינע״ — אַן אָרעמער וואָלינער שטאָט-קוואַרטאַל.

אַפֿן ווייכן און בלאָטיקן וועג, שיטער צעגאָסן, צעפּריעט, צעפּאַרעט,
פֿוילן שקראַבעס, צעבראָכענע גלעזלעך, אַ טשייניק, אַ טעלער, אַ טעפּל;
וואו אַ טריט — קופּקעלעך מיסט, פֿון הינט און פֿון הינער צעשאַרטע,
וואו אַ ווינקל — אַ מילטער, אַ באַליע, אַ דייזשע, אַ פֿעסל, אַ שעפֿל.

וואו אַ פֿאָדוויר — צוויי דרענגלעך, אַ לייטער מיט סענקענע שטאַפּלען,
שפּאַרט איין עק צום בוידעם, דער צווייטער ביז טראָטואַרלעך קרומע;
שטייען די לייטערס, די ברעזענע דרענגלעך פֿאַרשוויגן, פֿאַרצאַפּלט
און בענקען צוריק אין די וועלדער פֿון וואַנען זיי זענען געקומען.

II

באַ כאַטעס, ווי אידישע זקיינים, פֿאַרקאַטערט, צעקרעכצטע, צעהוסטע,
כאַטקעס מיט ליימענע גרונטן, העט־אַרויף ביז די ברייטע אָפֿענע לאָדנס,
וואַרעמען זיך קראַנקע קעץ מיט אָפּגעקראָכענע פֿעלן, קרעציקע, וויסטע,
ווי אַף שוועלן די ברודיקע קינדער, קיינמאָל נישט געוואַשן, געבאָדן.

און אַזוי ווי די קעץ, מיט האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע אויגן — שטיקער טרויער,
וואָס פֿלעקן זיך אַרום דער הייזקע און צו אַלעמענס טריט צוגעטוליעט, —
אַזוי פֿלעקן זיך די קינדער, די טעכטער, די טאַטעס, די מאַמעס, די גרויע,
וואָס טראָגן זיך אום צעוויינט און צעשריגן, פֿליכן, שעלטן און קלאָלען.

מיט קינדער און קעץ די בלאָטיקע געסלעך זענען פֿאַרלייגט און פֿאַרשאָטן,
באָרוועסע פֿיסלעך, נאַקעטע בייכלעך און נעזלעך, פֿייכטע און רויטע;
זיי קריכן אַרום ווי די ווערעם אַף די ערדענע דילן — ווייכע צעקנאָטן,
זיי קריכן אינדרויסן און דראַפּען אַרויף זיך אַף לייטערס און פּלויטן.

פּונקט, ווי די קעץ — זיי מיאַוקען פֿון קעלט, נעץ, דאָרשט און הונגער,
קריגן זיי אַ קרויט־סטויפּ, צומאָל אַ מייערל, אַ ריבל, אַ רעטעך, —
זיי רייזען און קייען אָן ציינדלעך, באַלעקן זיך מיט שליימיקע צינגלעך
און פֿון טראַכאָמענע אייגלעך רינען טרערעלעך קינדיש געלעכטער.

דעם גאַנצן גרויסן טאָג ביז צו דער אָונטיקער „וועטשערע" זיי וואַרטן,
ביז ס'ווערט פאַרטיק די ריצענע יושקע מיט גראָבע קאָרענע טייגלעך;
ווען מאַמע שפּרייט אויס אַפן טיש איר אייגענעם ברייטן ברודיקן פאַרטעך
און די פאַרע פון שיסל גייט־אויף אַזוי וואַרעם און ברייט אַזש די אייגלעך.

ווען אַלע באַקומען אַ רעפּטעלע ברויט און צומאָל אַלס צוגאָב די „שישקע"
פאַר עלטערע קינדער, וואָס קייען געזונטער, די ציין כראָמזשען און קנאַקן;
און די קליינע — בלויז פון ראַנדיקן טעלער זיי זופּן די שיטערע יושקע
און ס'ווערט אַזוי היים אין די גלידער, ס'פלאַמען אַזש רויט אויף די באַקן.

III

די קילשטשינער טאַטעס — אידן אין וואַטעווע שפּענצערס, אין שטיוול,
אין בורקעס, אין קיטשמעס, אין באַשליקן, אין וואָלענע שאַלן;
אידן מיט קלאָטשענע בערד, טייל שוואַרצע, טייל בלאָנדע, טייל — סיווע
און פאַרדייגעט, פאַרצאָרנט, פאַרכמורעטע זענען זיי אַלע.

אידן — באַלעגאָלעס מיט אייגענעם וואָגן, מיט אייגענע בלינדע שקאַפּעס,
פורמאַנעס פאַר לאַנגע יאַזדעס אין אַרומיקע שטעטלעך, אישואווים.
אידן — אויפקויפערס פון אַלט מעבל, פון שאַפעס, קאָמאָדעס, קאַנאַפּעס
פאַר דאָרפישן פויער, וואָס קומט אַף די מאַרק־טעג, צו די יאַרידים.

אידן — וואַסערטרעגער אונטער קאָראָמעסלען מיט צוויי עמערס געבויגן
אין בלאָטיקע טעג, אין די פראָסטיקע נעכט, אין קאַלטע פרימאָרגנס;
אידן, לאַטוטניקעס, שוסטער מיט בלעכענעברילן אַף שטערן און אויגן,
וואָס דאַרפן אַ דראַטווע, אַן אָל, אַ פלעקל באַם צווייטן בלויז באָרגן.

אידן — טרעגער מיט פוילע שטריק, ווי די שלענג אַף די לענדן,
רויטבערדיקע אידן, פאַרוויקלט אין אַלטע, צעלעכערטע שמאַטעס;
זיי שטייען גאַנצע טעג אין מאַרק, קראַצן זיך, דרימלען און שטענדיק
זיי שלעפן אַהיים זיך אין אָונט אָן דעם פאַרדינסט, דעם „פּאָטשאַטעק"...

אידן — הייזער־גייער, אָרעמעלייט, מיט ליימענע פּענעמער, ווי מייסים,
וואָס אויקען און ווייקען און זופּן אַ שעלעכל טיי אוים אַף שוועלן
און שפּעטער — זיי זיצן אין קלויז פֿאַרדרימלט אין געלע טאַלייסים
און וואַרטן צו דערהערן די ליכטיקע טריט פֿון דער געאולע...

אידן, ווי שטיקער פֿאַרשימלטער פּאַרמעט, צעקנייטשט און צעבראָכן,
הוסטנדיקע מעלאַמדים, אין פֿאַרגרינטע צעריבענע כאַלאַטלעך, קאַפּאָטעס,
וואָס שלעפּן זיך אום אין די אייגענע געסלעך, פֿון שאָכן צו שאָכן
און בעטן אַ „שמונדע" זעקס מאָל אין דער וואָך פֿאַר אַ זלאָטע...

און אידן — סטאַם אַף וואַסער און ווינט, אָן שום פֿאַך און מעלאָכע,
ס'ווימלט און ראָיעט דער אָרעמער וואָלינער קילשטשינער קוואַרטל, —
וויקלט אַרום די נויט, די פּיין און דער הונגער פֿון יעדער מישפּאָכע
דאָס שטעטל, ווי מיט אַ ברייטן און שוואַרצן אומעטיקן גאַרטל.

IV

די מאַמעס — די קילשטשינער ווייבער זענען טראָגעדיקע טאָמיד,
כאָטש זיי ניאַנטשען נאָך קינדער אַף די הענט און אין וויגל;
די קילשטשינער ווייבער, זיי קינדלען סיי ווינטער, סיי זומער
און ס'מערן זיך פּיצלעך אין שטוב, ווי די פֿליי און די פֿליגן.

די קילשטשינער ווייבער, מיט שטאַרצנדע בייכער הויך־אויפֿגעבלאָזן,
אויפֿגעטראָגענע טאָמיד הינטער פֿאַרטעכער, לאַנגע און ברייטע, —
טרעפֿט זעלטן, גאָר זעלטן, אַז די אייגענע אָרעמע שוועל זיי פֿאַרלאָזן
און די שטאָט ליגט פֿאַר זיי מיט ווערסטן, מיט מיילן דערווייטערט.

די קילשטשינער ווייבער — די מאַמעס, ווער יונגער, ווער עלטער —
און אַלע מיט קאַרבן, מיט קנייטשן אין די שטערנס פֿאַרשניטן.
אַלע מיט באַקן מיט בלייכע, ווי האַרבסטיקע בלעטער, פֿאַרגעלטע,
מיט כראָנישן שקראָפּעל, וואָס האָט קיינעם נישט קינדוויז געמיטן.

זייערע הענט ווי בוראַקעס, רויטע און גראָבע, הויך־אָנגעדראָלן,
ווייכפֿליישיקע בלוטלאָזע הענט, קראַנקהויטיקע, פֿול מיט פּאַבירן;
זיי ווערן פֿאַרבראַקניעט און זיי ווערן ביז ווייטיק פֿאַרשוואָלן
פֿון ערשטן סעפּטעמבערדיק פֿרעסטל וואָס פֿרירט זייערע דירעס.

זיי שלעפֿן זיך אום אין בלאָע געוואַנטענע אונטערדעק גראָבע,
אַזוי אַ קיילעכיק יאָר און הוסטן און סאַפּען און דעכען;
אין אָוונט, זיי זיצן געהאָרבעט און נייען, צערעווען, פֿאַרשטשאָבען
אַ צעריסענעם סאַק, אַ פּאָר הויזן — בלויז לאַטעס און לעכער.

אין זייערע טעג, וואָס הענגען איבער די קעפּ, ווי נאַכט, ווי שאָטן,
איז נישטאָ קיין ליכטיקע שאָ, וואָס זאָל ווען זיי דערפֿרייען, —
אַז די פֿיין זשאַווערט דאָס בלוט, טיף איז מיט ווייטיק פֿאַרקנאָטן
די גויט אינעם לייב אַזוי הייס, אַזוי בריאיק ווי פֿייער.

אַז דאָס טעפּל איז ליידיק, אַז דער קוימען איז פֿינצטער, פֿאַרלאָשן
און דאָס שאַפֿקעלע איז אויסגערוימט, קיין ברעקל, קיין קרישקע
און נישטאָ איז וואו לייען דעם איינציקן מעזומענעם גראָשן
צו כאַפּן אין קלייטל ס'ברויטל, די הריץ פּאַרן שיסעלע יושקע.

און קינדער אָן שיכל, קינדער אָן העמדל — באָרוועס און נאַקעט,
צעשאָטן אַף ערדענעם דיל און שפּעטער מיט היץ און אַנגינע, —
ווי־זשע קענען מאַמעס, מיט טרויער אין האַרצן פֿאַרבאַקן,
אַן איינציקע פֿריידיקע מינוט ווען אין טאָג זיך פֿאַרגינען?...

און אַז ס'שטרעקן זיך קינדערשע הענטלעך — דאַרע און גרינע
און בעטן באַ מאַמען אַ רעפּטעלע ברויט און נישטאָ איז צו גיבן, —
ווי קענען זיך מאַמעס אַ ליכטיקן שמייכל אין טאָג ווען פֿאַרגינען?...
בלויז אויגן מיט טרערן זיי פֿייכטן דאַן נאַסע און טריבע.

שלעפּן די טעג זיך, די נעכט דורך שמאָלע קילשטשינער גאַסן,
ווי בעטלער מיט טאָרבעס און געהויקערט, געבויגן, געבראָכן,
ווי די קילשטשינער מאַמעס פֿאַרזיפּצטע, ווי פֿאַרצאָרנטע טאַטעס
מיט שפּיזלעך ווייטיק און פּיין אין די לייבער פֿאַרשטאָכן.

V

שלעפּן זיך טעג דורך געסלעך, ווי בעטלער מיט טאָרבעס,
וואָס קלאַפּן אָן דורך די נעכט אין שייבלעך מיט ביינערנע פֿינגער
און די הייזקעס, ווי זקיינים, איינס אָפּן צווייטן געהאָרבעט,
באַוויינען די אָפּטע לעווייעס פֿון קרענק און פֿון הונגער.

ס'שניידט די מיזעריע די הייזקעס מיט שוואַרצע כאַלאָפּים,
ווי מ'סערפּט און מ'קאָסעט שניט־צייט די צייטיקע זאַנגען;
יעדן טאָג אַ שייבל מיט אַ פֿלעמל אַ רויטן פֿאַרלאָפֿן,
יעדן טאָג — אַ שפּיגל מיט שוואַרצן פֿאַרהאָנגען.

יעדן טאָג אַ מאַמע פֿאַרברעכט אירע הענט מיט הייסע יעלאָלעס
אין גרויסן בעסמעדרעש באַם אָרן צעפּראַלטן און אָפֿן:
„...אָ, גאַטעניו, פּרואוו מיך בלויז און זאָלסט מיך נישט שטראָפֿן...״
און ס'לויפֿן די געסלעך מיט קלאָג און שוואַרצער בעהאָלע.

און די טאַטעס שפּאַנען אום טריבע, פֿאַרוואַלקנט, פֿאַרכמאַרעט,
מיט טיף אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און פֿאַרשוויגענע, שטומע, —
בלויז מיט ווייטיק, וואָס גליט אין די גלידער און זשאַרעט
אַזוי־אָ דאָס גאַנצענע לעבן זייערס, שטענדיק און טאָמיד.

און ווידער אַף קילשטשינער דעכער גרויט דער פֿרימאָרגן,
אַף אַ פֿאַרקאַן זיך לופּטערט מיט בלוטיקע פֿלעקן אַ קישן;
ווידער אַף אַ פֿונטעלע קאַשע, לויפֿן מאַמעס לייען און באָרגן
און מיט ברויטיקן הונגער ס'גייען אויף פּיסנע די טישן.

1937

# ליד פון שמאַטעקלייבער

אין אַן אָפּגעריסענעם כאַלאַטל, מיט אַ ליידיקן זאַק אַף געהאָרבעטער פּלייצע פאַרוואָרפן,
אין די פריע פרימאָרגנס מיט שווערשלעפּיקע טריט אין די פאַרבורדיקטע הייף מיר קומען צו גיין
און ראָיען זיך אין קופּעס, אין צעפּאַרעטע מיסטקאַסטנס, ווי פרעמדע אויסגעהונגערטע הינט,
צו געפינען אַ פאַרזשאַווערט שטיק אייזן, אַ שמאַטע, אַ ליאַכע, אַן אַלטן שקראַב, אַ ־פוילן ביין.

אין טייוועס־טעג, אין שוואַטיקע מיר בראָדזיען ביז די לידקעס אין אָנגעשאָטענע הויפנס שניי,
דער פראָסטיקער ווינט צעפּאַסעוועט מיט הייסע רימענס ס'לייב, ביז ס'ווערט אַזש בלוי־און־ברוין;
גראַבלט מען אַזוי מיט גאָלע הענט אין פאַרשנייטן מיסט, ביז די פינגער ווערן אייזיק, אָפּגעליימט,
ביז דער קאָפּ ווי אַ ציגל, ווערט שווער און מיד און פאַר די אויגן לויפן שוואַרצע רעדער אָן.

אַפּדערנאַכט, ווען מיר קערן זיך דערפרוירענע פון שטאָט מיט זעק שמאַטעס, שקראַבעס, צוריק אַהיים,
טרעפן מיר שוין אַפן נישט־באַלויכטענעם טיש אַ שיסל סקאָלעוואַטע באָרשט, אַ רעפטל ברויט, —
כלעפּטשעט מען אַ לעפל נאָך אַ לעפל און מ'קייט אַ ביסן נאָך אַ ביסן מיט יאַסלעס אָן ציין
און ס'וואַרט דאָס האַרטע געלעגער אַפן באַנקברעט אונטער ווילגאָטנע ווענט פון שימל צעגרויט.

1933

# ליד פון טרענער

מיר דרימלען אוים אונדזערע שווערע טעג אַף די מיסטיקע מאַרקן, אַף
די רינשטאָקן און ראָגעס,
די אַלטע הינט, וואָס האָבן נישט קיין היים און טוליען זיך צו קאַלטע
ווענט, צו פרעמדע שטיגן;
אין טעג, ווען זון צעבראָט זיך היים — אַ גליענדיקער שטיין, מיר
באַהאַלטן זיך אין פאַרשימלטע פּאַמיגעס,
אין רעגנס, צעשטורעמטע געוויטערס עסט זיך איין די נעץ אין אונדזער
גוף ביז מידקייט אונדז פאַרוויגן.

אונדזערע קעלערס — לעבעדיקע קוואָרים, זענען ווינטער נישט באַהייצט,
זומער — אַ פאַרנעקייט, אַ שטינקעכץ און אַ דישעכץ,
שלעפּט מען זיך פאַרשלאָפן מיט כאַלעשדיקן האַרץ אין שטאָט אַוועק,
אַזוי דאָס גאַנצע לעבן, אין טריבע פּראָסטיקע פאַרטאָגן;
מאַכט זיך, אַז אַ קאַסטן מ׳טראַסקעט וואו אַוועק, איז קנייפּט מען טרוקן
ברויט פון קעשענע, ס׳זאָל דאָס האַרץ נישט נאָגן,
און שפּעטער, שפּעט נאָך האַלבן אָפּגעפּאַסטן טאָג, פאַרזשליאָקעט מען
מיט היימיש־צוגעבראַכטע קאַלטע טיי אַ טעפּל — פישעכץ.

די שטריק, וואָס הענגען ווי טויטע שלענג, פוילן שוין אַף אונדזערע
לענדן, אַף די האַרטע געפּאַלדעוועטע קאַרקן,
זיי בינדן זעלטן־וועז אַרום אַ שווערן מאַסעדיקן פּאַק, אַ זאַק צוקער, צי
גאָר בלעך אַ קאַסטן, —
אונדזערע באַפּליישטע לייביקע פּלאַטפאָרמעס — די ברייטע פּלייצעס,
זענען אָפּגעוויינט שוין פון די פּוסטיקע לאַסטן, —
שטאַרבן טעג נאָך טעג אין אונדזער דרימלענדיקן לייב, מיר ברענגען
נישט אַהיים קיין ברויט שוין פון די מאַרקן.

1933

# ליד פון קוימענקערער

אונדזערע פענעמער — פאַרוואָלקנט, פאַרפּאַזשעט, פאַריסט. הענט —
צעשטונקענע פון טשאַד
און מיר אַליין — שטיקער אַשיקע גלאָווניעס, וואָס קנוילן נאָך מיט
גרוי־געדיכטע רויכן;
צעגלאָצן זיך מיט בּיטלדיקן כוועק די צעזונטע גאַסן, אַז מיר שפּאַנען
דורך די שטאָט, —
אין העלן טאָג מיר זעען אויס אין די לאַנג־געהילטע טראַנטעס, ווי די
שוואַרצע מניכן.

ס'איז ליב אַזוי דער שוואַרצער שטריק, וואָס ליגט געוויקלט אַפן ביינדיקן
און האַרטן אָרעם,
דעם בּעזעם — הויך אין רוים פאַרשניטן, ווי די פאָן פון אונדזער
האָרעוואַניעדיקער מי;
ס'איז זיס דער פּיסנער ביסן ברויט — דער לוין פאַרן פּויזען אַף דעכער,
ווי די ווערעם,
און אַף קאַלטן דיל די שווערע רו פאַרן מידן צעשווייסטן גוף, ווען די
נאַכט פאַלט צו.

מאַכט זיך: אין פריען ווינטערדיקן מאָרגן, ווען די נעגל שפּרינגען אָפּ
פון בריענדיקן פראָסט,
מיר שטייגן אַף אַ קרעכצנדיקן לייטער, ווי די שאָטנס, צו די ווייטע
גאָרנדיקע שטאָקן;
טראַסקעט אָפּ אַ שטאַפּל און מיר בלייבן הענגען, ווי אַף אַ טליע מיט
די קעפּ אַראָפּגעלאָזן
און פון אונטן — צעגאָרגלטע געלעכטערס און אויגן שמייכלען שפּאָטיק,
זעטיקע פון קוקן...

טרעפט, אַז מ'שטייט אַזוי פאַרדומעט ערגעץ אַף אַ הויכן דאַך,
אַ מעשופּעדיקן, קרומען,
אַ פונק טוט אַ פלי, אַ גלי אין אויג און — ס'גליטשן שוין אַראָפּ די פיס
זיך ווי פון אייז, —
בלייבט מען אויסגעצויגן אַפן בויך מיט אַ בליק אַ צאָרנדיקן,
פאַרגליווערטן און שטומען,
בלויז מ'כאַפּט דעם קוימען אָן, ווי אַ פעטן האַלדז צו דערשטיקן פון
פאַכעד און פאַרדרוס.

1933

# ליד פון זעצער

ווי מידע פערד באַ די זשלובעס פול האָבער, ווי קי באַ קאָרעטעס מיט קלייען,
וואָס שטייען מיט געבויגענע קעפּ און קעסיידער מאַלעגיירען און קייען, —
אַזוי מיר, ביזן אָוונט מיר שטייען און מיר קאָווען פון פולשריפטיקע קאַסעס
ביז פאַרשטאַרטע פיס בענקען צו רו, צום קישן אונדזערע פענעמער בלאַסע.

דעם לעבעדיקן קאָליר פון אונדזערע באַקן האָבן די טעג ביזן דנאָ אויסגעזויגן,
דעם שטערן אין פאַלדן צעשניטן, מיט רויטע שנירלעך באַרעמלט די אויגן;
דער שטויב פרעסט אונדזערע לונגען, ווי ס'אייזן גריזשעט דער זשאַווער
און פאַרפרי הענגט דער טויט איבער אונדז אין געדיכטן בלייענעם אָוועך.

שטיל אין זעצעריי, ס'הילכט בלויז אַ טעמפּ גריבלעריי מיט הילצערנע פינגער,
ווי מייז וואָלטן בייסן די פּאָדלאָגע ערגעץ צו שטילן דעם ווייטיק פון הונגער;
גרילצט אַריין דאָס שטרענגע באַפעלערישע קאָל פון ביינן דרוקערייאינהאַבער:
„הע, יונגען, גיכער דעם אַפּיש וועגן שטאַנדגעריכט און וועגן דעם פּאָבאָר!"

צעקרעכצט זיך אין ווינקל אַ שוואַרצער פּעדאַל מיט אַ ראָד אַ גרויסן, צעוויגטן,
וואָס שפּייט אײליק פון זיין פּייכטגלאַנציק מויל בויגן נאָך בויגן באַדרוקטן,
בויגנס, וואָס מעלדן דער שטאָט און דאָרף גאָר אַ בלוטיק־שרעקלעכע נייעס:
„ש־ט־אַ־נ־ד־ג־ע־ר־יי־כ־ט אין פּוילן!" פּעטע אויסיעס געשטראָכן מיט ליניעס. — — — —

שטאָק־נאַכט פאַרלאָזט מען דעם בלייאיקן קייווער מיט שווערע קעפּ און אָן לאָשן,
צינדט מען אין האַרצן די האָפענונג, זי זאָל העלן, נישט ווערן פאַרלאָשן:
מירן זיין פון די ערשטע פאַר שטאָט און דאָרף די זוניקע נייעס צוטראָגן,
די זוניקע פרייד פאַר דער וועלט, וואָס נעמט שוין בלויען און טאָגן.
1933

# ליד פון אַרבעטלאָזן

ברענען הימלען, שטיקער הימלען, ווי צעוויקלטע רויטע פאָנען,
צאַנקט און שטאַרבט דער טאָג — אַ קויל אַן אויסגעברענטע, —
שלעפּ איך מיך אַרום אין שטאָט אַף טומלענדיקע גאַסן
מיט הענט צעפּראַצעוועטע צוויי — אַרבעט־הענט ווי פרענטעס,
מיט האַרץ, צאַנקענדיקס ווי טאָג —
פון הונגער!
אינדערהיים.
פאַלט מיין בליק — צעגליטער בליי אַף אָפּגערוימטן טיש,
וואָס שטייט פאַרלאָזט, שווייגט און גליווערט,
ווי אַן אָוול מיט אַן אויסגעלאָשן אויג.
טאַנצן ווענט מיט טונקעלע געשפּענסטער
און כ׳זע זיך:
אַ גוילעם־מענטש פון ליים, שטום און אומבאַוועגלעך.
בלויז דאָס מויל אַ לעבעדיקס,
אַן אויפגעשניטנס,
שלינגט אַ וועלט —
די גאַנצע וועלט,
צוליב אַ טאָג אָן אַרבעט.

# „קאַרטוז בערעזע“

מיט אַ קלומיק אַ האַרטן, פארקניפּט און פאַרבונדן,
אַ העמד, אַ שוך און אַ זאָק, —
איז סאָכער דער סטאָליער און הערשל איינבינדער
אַוועק פונעם שטעטל פאַרטאָג.

אַוועק אף די וועגן פון בידנעם פּאָלעסיע,
אין האַרבסט, דורך ווינט און דורך נאַכט;
מיט הענט פאַרבלויטע אין רינגל, אין שלעסל
פון שטרענגער באַוואָפנטער וואַך.

אַוועק פון דער זעג, פון דלאָטע, פון הובל,
אַוועק פון דער פּאַפּ, פון דער פּרעס;
דורך ליימיקע הרודעס, פאַרלאָשענע שטיבער
געגאַנגען אַ טאָג, אַ מעסלעס.

דורך פינצטערע שליאַכן, דורך טרויעריקע וועגן,
דורך הונגער, דורך פּיין און דורך נויט;
דורך דערפער פאַרזונקען, פאַרטרונקען אין רעגן,
דורך פעלדער אָן קאָרן, אָן ברויט.

דורך פעלדער פּאָליעסער, פאַרשאָטנט אין טרויער,
אַ בערגל, אַ כאַטקע, אַ שויב;
אַ וואָגן, אַ שקאַפּע, אַ בידנענקער פּויער
אין נעפּל, אין זומפּ און אין שטויב.

און הערשל איינבינדער, סאָכער דער סטאָליער
אין קייטל, אין שלאָס זאַלבעצווייט, —
ברענגען פון ברידער וואָלינער, פּאָדאָליער,
גלויבן, אַקשאָנעס און פרייד.

ברענגען פיל האָפן פון שטעטלשע יאַטן,
מיט זון, מיט קאַיאָר אינעם בלוט, —
פאַר ברידער פון דערפער, באַטראַקישע כאַטעס,
אונטער קאַרטוז־בערעזענער רוט.

און ס'לויפן די שליאַכן, די פּיסנע, די פּייכטע
אונטער הערשל און סאָכערס פוסטריט:
ברידער, העי, ברידער, פאַרפייניקט, פארבלייכטע,
אונטער קארטוז־בערעזענער רוט.

די הייזקעס אַנטרינען, די שטרויענע דעכער
פאַרגרויען, פאַרגייען העט־ווייט — — —
אוןביידע צוזאַמען — הערשל און סאָכער,
שפּאַנען געאָרעמט אין פרייד.

קוואַליקע, קלאַנגיקע פרייד, וואָס יובלט
איןביידן מיט סטרונעס צעשפּילט,
אַז, דאַכט זיך, באם פרעס, באַם האַמער, באַם הובל —
זיי האָבן דאָס קיינמאָל געפילט.

דאַכט זיך די קייטלעך, געשלאָסענע רינגלעך
אַף די הענט — פאַרשטאַרט און פאַרבלויט, —
זיי העלן, זיי קוועלן, זיי קלינגען, זיי זינגען,
זיי בליאַסקען, זיי בלאַנקען פון פרייד.

און סאָבער דער סטאָליער, הערשל איינבינדער,
מיט בליקן זיי קושן זיך היים;
די אויגן צעגליטע מיט פלאַמיקן וואונדער
אין קאַרטוז־בערעזענעם שפּרייז.

די טרוקענע ביימלעך צעשיטן זיך שיטער,
אַ פאַרקאַן העט־ווייט פון שאָסיי;
אַ פאַרצוימטע געביידע שאָטנט אינמיטן,
קראַטעס און קאָלבעס און בליי...

פלופּעס און שטיינער, אַ ביניען אַ שוואַרצער,
שטערנס און פענעמער — בלייך;
ראָוועס און דראָטן, אַ גרוב און אַ קאַרצער, —
ברידער, מיר זענען מיט אייך!

סאָבער און הערשל — צוויי פאַקלען אין פלאַמען,
שטרעקן די הענט אויס אין קייט:
העי, ברידער, מיר קומען, מיר זענען צוזאַמען
אין לעבן, אין קאַמף און אין טויט.

צעוויגן זיך דלאָניעס, ווי כוואַליעס אַנטקעגן,
געמוטיקט פון ברידער אין קייט — — —
און ס'לויפן צעזונגען די שליאַכן, די וועגן:
אין לעבן, אין קאַמף און אין טויט!

.1937

# באַלאַדע פון דער גאַסנמויד

יענע נאַכט איז, ווי דיין געמיט — טריב געווען; ס'גאַסיקע פאָנעם ווי דיינס — פאַרשאָטנט,
ווען דו, געלע גאַסנמויד, האָסט צום לעצטן מאָל דעם האַרטן ברוק פון שטאָט באַטראַטן.

ווי נעכטן, זיך שטום אַרומגעשלייכט מיט דראָבנעם ציטער און בישט געאַנט, געוואוסט,
אַז ס'יאָגט אַ מעסער בליציק־בלאַנק, וואָס וועט מיט האַסט אַ זעץ־טון אין דיין יונגער ברוסט;

אַז באַלד וועט אַ שטראָם־טון פון דיין דורכגעלעכערט האַרץ אַ שנירל בלוט, רויט צעזאָטן,
און דו — באַ שטייניקער מויער, וועסט אויפצאַפלען און צולעצט — אויסהויכן דעם אָטעם.

אַז ס'וועלן דיינע שלאַנקע פיס זיך צונויפברעכן, ווי אַ דין־דורכגעברעכנטער שטרוי
און מיט אויגן — פאַרגלאָזט, מיט נאָז — פאַרשפּיצט, ליגן שטאַר און ברוין־און־בלוי.

און שפּעטער וועט זיך טומלען לעבן דיר, זיך רעדלען אַלפּאָנס, אַגענט און פּאָליצײַ
און דו — שוין קאַלט, דײַן גוף — אַ הרודע לײם און דײַנע הענט און פּים — ווי בלײַ.

איז אַזוי געווען. מ'האָט צו דיר קײן דאָקטער נישט גערופן, ביסט אויסגעגאַנגען אין מיטן גאַס,
בלויז מײַלער האָבן געצעבערט כוויזעק, געשפּיגן ווי אַף אַ שערעץ צעקוועטשט מיטן אָפּצאַס.

האָט קײנער נישט געוואוסט, אַז כאָטש דער הונגער האָט מיט גליענ־דיקע צווענגלעך געקנײפּט,
דאָך מיט האָפענונג געווען באַזעלט נישט מער צו שטײן אין ראָג און אָנבאָטן דאָס לײַב.

אַז האָסט געטראַכט: מאָרגן אויסצוטרעטן אַ העלן וועג צו אַ נײַער, צו אַ רײנער וועלט,
וואו ס'ווערט דאָס לעבן נישט מיט שאַנד פון אײגן גוף געקויפט, צעפּײניקט און צעקרעלט.

ביסטו געליגן אַף נאַכטיקן ברוק מיט אָרעמס צעשפּרייט, מיט טיף־דורכגעשטאָכן האַרץ,
מיט גאַליקע קלאָלעס פאַרכאַסמעט אַף די בלאָע ליפּן, — ווי יעזוס אַפן קרײַץ.

בלויז קעץ האָבן זיך צעיאָמערט אונטער פּלויטן, הינט זיך צעוואָיעט אין די ראָגעס, —
די אײנציקע, וואָס האָבן דײַן אַזוי טראַגיש־פריען טויט זיך געזעצט באַקלאָגן.

און שפּעטער, ווען די ערשטע פעדעמלעך אַף טאָג האָבן זיך אין מיזרעך
אויסגעשטעפּט,
האָט מען דיך — אַן אויפגעשוואָלענע, ווי אַ פייגער ערגעץ אין
אַ ראָוו פאַרשלעפּט.

ווערזשע זאָל אויסשוייגן דעם טרויער פון די נישט נאָך דיר שטיל-
באַגלייטע לעווייע-טריט,
ווערזשע זאָל איינדעקן זיין קאָפּ אין קרעפּ און מיט ווייטיק אויסזינגען
דיין טויטנליד? —

העי, דו, טויטע, געלע גאַסנמויד, דו, בושע אויפגעצונדענע פאַר פיסנע
ברויט צו זעט,
שליידער אין מיעסן פּאַרצעף פון דער וועלט דיין צאָרנדיקן האַס, ווי
אַ שפּיציקן שטילעט.

פאַרגראָב די נעגל אין שמאַלציקן האַלדז פון די, וואָס האָבן גערויבט
דיין לעבן, דיין גליק,
צי־אָן די הענט מיט בראָנדז, די קנאָכיקע פינגער — מיט שטאָל און
דערוואַרג זיי, דערשטיק!

1935

# ליד פון טויטן קינד

ס'האָט אין פּראַקטיקן באַגין צום ערשטן דיך דערשנאַפּט אַ הונט
און צום פרישטיק אַף די לאַפּעס אויסגעצויגן זיך געשווינט.

איז אַ אידענע געגאַנגען פון בעקער מיט אַ הייסן לאַבן ברויט
און פון שרעק זיך ווילד צעקוויטשעט: „ווײ, אַ קינד אַ טויטס!"

איילן באַטשיפּיקטע ווייבער פון די וואַרעמע שטיבן הין אַרויס,
פאַרברעכן מיט די הענט און קנייפּן זיך אַזש דאָס פּאָנעם אויס.

וואַקסט טייקעף אַ כמאַרע מענטשן אויס אַרום דעם טויטן יאַט
און מיילער זיך צערעפּען: „אַ כידעש, וואָס געפרוירן? — שוואַט!"

טוט אַ באַשאַלטע אידענע אַ צענעם די הענט, אַ זיפץ און אַזוי אַ זאָג:
—„ווײ ז'דיר, בייסטרוקל! און צו דיין מאַמען ווײ זאָל זיין און קלאָג!"

און אַ צווייטע, אַ רויטע מויד, מיט אַ צורע—אַ צעגליטער פּייערטאָפּ,
צעקרומט זיך אין ביטערניש: „זעטס נאָר דעם ברונעטנעם קאָפּ!"

און דו, טויטער יאַט, האָסט שטום געפרייכט אין שניי—אַ נאָס שטיק בלוט,
ווי דיין יונגער מאַמעס פּאָן פון ווייטיק — רויט און אָנגעגליט.

און ס'האָט קיינער נישט דיין מאַמען באַדויערט מיט אַ וואַרעם וואָרט,
וואָס בייגט זיך איצט איבער אַ באַליע וועש נאָך בלוטיקן געבורט.

עפּשער גאָר פון אַלטן רייכן האַר, — האָט קיינער נישט געטראַכט,
וואָס האָט ווי אַ פּיאַווקע זיין דינסטמיידל געזמאָקעט אַלע נאַכט.

און שפּעטער, ווען דער האַר האָט דערבליקט, אַז די דינסטמויד טראָגט,
האָט ער מיט אַ שטעקן פון זיין הויז זי פרעך אַרויסגעיאָגט.

האָט דינסטמויד מיטן שטאַרצנדיקן בויך — מאַמע־ווערנדיקע אַט,
באַטאָג געוואָגלט אין די הייף, באַנאַכט אין די גאַסן פון שטאָט.

האָבן ווייבער זי געשאָלטן און געבויזעקט: „די, פּאַסקודנע מויד,
קראַנק צו האָרעווען און פאַרדינען ערלעך זיך ס'שטיקל ברויט?"

האָט קיינער נישט געוואָלט עפּעס אַ „מויד מיט אַ בויך" אַף שטעל,
איז מאַמע געקומען ווי אַ בעטלערקע אַף טירן און אַף שוועל.

האָט נישט איין טאָג דער הונגער אַ טיפן לאָך אין האַרצן אויסגעברענט
און זי האָט געטייט דאָס נעפעש מיט אירע אייגענע צוויי הענט.

און אין אַ ווינטער־באַגין, אין שניי, אין דער פּראָסטיקער קעלט,
האָט מאַמע דיך, מאַמזערוק, געבראַכט אַ טויטן אַף דער וועלט.

ליגסטו איצט — אַ רויטער פלאָם פאַר אַלעמען אין אויפגעריסן אויג
און דיין מאַמע — פון שאַנד און פיין אַ געפלאָגטע ווי אַ צווייג.

ווער־זשע קען דעם ווייטיק דען, דעם־אָ צעבריטן צאַר ווער פילט,
וואָס גלוטיקט אין דיין מאַמעס בלוט און ווערט נישט איינגעשטילט? —

הייב־זשע אויף, דו, מאַמזער־יאַט, אַ הייסן, ברוזיקן רעוואָלט
קעגן די, וואָס דיין מאַמע האָט מיטן לעבן דיינעם אָפּגעצאָלט.

מאָן־זשע, הער, דו, יאַט, אין מיטט אַרויסגעשליידערטער צום פלויט,
מאָן גערעכטיקייט פאַר דיין נישט־געלעבטן לעבן, פאַר דיין טויט!

1934

# באַלאַדע פון בלאָנדן בלינדן מיידל

דאָס מיידל איז בלאָנד, דאָס מיידל איז בלינד, מיידל זיצט און שטריקט,
ס׳איז האַרטער גלאָז איר אָפן אויג, ס׳איז גליווער איר שטאַרער בליק.

דאָס מיידל שטריקט אַ זאָק נאָך זאָק, ווייסט נישט ווען טאָג פאַרגייט,
זי זיצט און שטריקט און זעט נישט, אַז איר קאָפּ שוין זילבערט, גרויט.

טעג און נעכט און יאָרן וויקלען זיך אין אַ שוואַרץ געדיכטן געוועב,
דעם בלאָנדן בלינדן מיידלס קינדער־יאָרן האָט קיינער נישט געלעבט...

אינדרויסן רוישט דאָס לעבן, זינגט אַריין אין שטוב מיט פידל און ליד,
דעם מיידלס פרילינג, דעם מיידלס יוגנט האָט נישט געמאָיט, געבליט.

אַנטקעגן, אין צעלויכטענעם הויז, בלאַנקט דער טיש מיט לעקעך, ווייַן,
דאָס בלאָנדע בלינדע מיידל זיצט לעם אויוון אין איר צימער איינע אַליין.

פון באָקאַלן, גלאָזיק־דין, גייט הילכיק אויף רויש פון וויין און רייד,
דאָס בלאָנדע בלינדע מיידל ווייסט פון טרויער, ווייסט נישט פון פרייד.

צעגלאַנצטער פאַרקעט, ליכטיקע שפּיגלען, פידלען ציען טאַנגאָס צאַרט
און שטיל פינצטערט מיידלס הויז מיט נאַכט, פאַריגלט און פאַרשפּאַרט.

טענער פליִצן און ווי שיקורים, וואַלגערן זיי זיך אַף ברוק פון טראָטואַר,
דאָס בלאָנדע בלינדע מיידל ליגט אין בעט, הערט און אַנט מיט צאַר.

אַקאָרדן האַלדזן זיך, נעמען זיך אַרום און צעקושן זיך — פאַרליבט,
מיידל זעצט זיך אויף, בליקט מיט גלאָזיקן אויג אין אומעטיקער שטוב.

פון פענצטער כוואַליען מעלאָדיעס ווייך אין האַלבער נאַכט, צעשטילט,
פון מיידלס אויג שנירלט טרער נאָך טרער, אין טרויער טיף פאַרהילט.

געשריי, געלעכטער, געקלאַנג, געטומל און אַ מאַרש־ליד — אויפגעראַשט,
דעם מיידלס העמד, דעם מיידלס לייב אין הייסן טרער זיך וואַשט.

רויש פאַרגייט, רויש פאַרשטומט, רויש צערינט, שטיל און ווייט,
מיידלס יונג־לייב פיבערט, צאַפּלט, מיידלס בלוט — מאָנט און שרייט.

איר בלאָנדער קאָפּ — אַ שויבער ווילד, צעפּלאָשט, צעקודלט די האָר,
מיידל שלוכצט, מיידל קלאָגט — געוויין פון אַכטאונצוואָנציק יאָר.

אָטעמט די נאַכט מיט אויטאָ־פייף, מיט בראַזג און גרילץ פון טראַם,
דאָס בלאָנדע בלינדע מיידל פלאַקערט, דאָס בלינדע מיידל פלאַמט.

אין ראָזעווען שלאָפראָק גייט אויף באַגין, דער טאָג — זוניקט און העלט,
דאָס בלאָנדע בלינדע מיידל זיצט און שטריקט דעם טרויער פון איר וועלט.

1936

# באַלאַדע פון סראָליע באָלוואַן

אַזוי איז געגאַן אין פריען, אין רויטן באַגין דער אידישער בעקער
סראָליע באָלוואַן,
געגאַן געבויגן אונטער שווערע צוויי זעק מיט בולקעס און קאָרענע
ברויטן צום באַן.

איז סראָליע געגאַן, געטראַכט זיך: אין שטעטל — מעהומע, ס'ברומען
מיט פייער האַרמאַטן,
אַז נישט ווייט, אין דערפל זימניע, קאָרטשען זיך גופים אונטער
צעשפריצטע גראַנאַטן.

אַז ס'הענגט דער טויט אומעטום, ווי איבערן קאָפּ אַ שווערד, אַ בלאַנקע
צעפּאָכעט,
זעצט יעדער טריט אים אין האַרצן, ווי מיט ביקסענער קאָלבע פון
שרעק און פון פּאַכעד.

קריכט דער וועג שווער, שווייסיק, איבער צעפּאַרעטע לאָנקעס און
געקאָסעטע לאַנען, —
הײנט קערן דאָך זעלנער צוריק זיך פון שלאַכטפעלד אין פולע געפּאַקטע
עשאַלאָנען.

און ער, סראָליע, טראָגט דאָך פון שטאָט אַזש צוויי זעקלעך מיט בולקעס,
מיט ברויטן,
וועט ער פאַרקויפן, ביליק פאַרקויפן די זעלנער, וואָס קומען פון בלוטיקע
פראָנטן.

וועט ער צעבינדן, צעלייגן די ברויטן, זיך צעשמייכלען און ליבלעך
אַזוי זיי זאָגן:
— „אַנו, פּאָנעלעך, נעמט אייך די קאָרענע זעט, געבראַכט אַף אייגענע
פּלייצעס צוטראָגן!"

א טריט נאָך א טריט, ביז סראָליע דערבליקט פון נאָענט דעם וואָקזאַל,
די וואַגאָנעס,
צוויקט אים פּאַר פרייד אַזש אין האַרצן, שטיקט עס אין אָטעם: „אָדורך
דער וועג אָן סאַקאָנע"!

— העי, ווער גייט עס אין פריען, אין רויטן באַגין, ווער שטעלט עס
אַזעלכענע שפּאַן?
— איך בין, פּאַניטשעס, אַ אידישער בעקער, דער לודמירער בעקער
סראָליע באַלוואַן.

— העי, זאָג גיכער, וואָס טראָגסטו, וואָס דאַרפסטו, וואָס זוכסטו באַם
צוגיקן פלאַנט?
— איך בין, סלאָדקיע פּאַניטשעס, אַ בעקער און גיי מיט בולקעס און
ברויטן צום באַן.

— העי, מיר ווייסן, דו נאַרסט אונדז, ביסט, הינטישער זון, אַ סוינע,
אַ שפּיאָן;
— איך בין, קאָכאַנע פּאַניטשעס, אַ בעקער און גיי מיט בולקעס און
ברויטן צום באַן.

— העי, מיר זעען, טראָגסט ביקסן און קוילן פאַר רויטן אַרמייער, שטיי, מיר באַפעלן, —
מירן דיך בראָטן, מירן דיך ברענען, מירן די הויט דיינע שינדן און שיילן!

בלייבט סראָליע גענאָגלט צו דר'ערד מיט די זעקלעך, געבראָכן, געפאַלן, געבויגן,
דאָס פּאָנעם צעפלאַמט, צעוואַשן אין שווייס, ווי גלאָזיקע שערבלעך די שטאַרע אויגן.

און ס'לויפן אין מויעך אַ שטעכיקע שפּיזלען: מ'ראצבעט, מ'האַרגעט, מ'קוילעט, —
ס'איז העפקער, איצט העפקער דאָס לייב און לעבן, מ'וואַרגט זיך אין בלוטיקע גרוילן.

געניצן זעלנער, קראַצן זיך זעלנער, שפּילן זיך זעלנער מיט ביקסענעס מאַשכעס, מיט טויט:
בלוט איז דאָך זידיק, בלוט איז דאָך רויט, בלוט איז דאָך יאָנטעוו, בלוט איז דאָך פרייד!

צערייסט זיך אַף שטיקער דער שטילער באַגין פון אַ זאַלפּיק צעהילכיקטן שאָס
און סראָליע — שוין כאָרכלט און גויסעט, פונקט ווי אַ געשאָסענער הונט אַפן גאַס.

איז דאָס בלוט געלאָפן, האָט דאָס בלוט געשריגן, האָט דאָס בלוט געזאָטן, געטיינעט:
— איך בין, פּאַניטשעס, אַ בעקער, אַ אידישער בעקער און גיי מיר מיט בולקעס צום באַן.

1934

# דינסטמיידלעך

(פּאָעמע)

„וואָס זאָלן יונגע מיידלעך טון, אַז די טאַטעס קאָנען נישט פאַרדינען,
די היימען בלייבן טעג און וואָכן אָן וועטשערעס, אָנבייסנס? —
שטעלט מען זיך אין די פרעמדע באַלעבאַטיש־רייכע הייזער דינען,
אַזוי צו פופצן, צו אַכצן יאָר, צו צוואָנציק, צו דרייסיק.

אַז דאָס לעבן זיינס אין בלוט צעשפּיגן, געשטאָרבן איז דער טאַטע
און מאַמע איז אַוועק אַפן מאַרק מיט אַ קיישל עפּל;
וויינען קינדער אין די בעטן הונגעריק, קיינמאָל נישט קיין זאַטע,
אָפּגעלאָשן איז דער קוימען, ליידיק איז דאָס טעפּל.

קומען זיי, די מיידלעך, צו פופצן, אַכצן יאָר אין די רייכע שטאָקן,
מיט אַ פּעקל אין די הענט, מיט טרויער אין די אויגן:
—„מיר קאָנען וואַשן וועש, מיר קאָנען קאָכן, מיר קאָנען פּרעגלען, באַקן
און אויך אַ פיצל קינד מיט אַ לידעלע פאַרוויגן.

מיר וועלן אויסוואַשן די שויבן, וועלן זיי בליאַסקען ווי די זונען,
צי פאַרצערעווען אַ זאַק, וועט זיין אַף וואָס צו קוקן;
לייגן מיר אַ לאַטע, וועט מען קיינמאָל מיטן אויג נישט דערקענען
און ווי שפּיגלען גלאַנצן, אַז מיר רייניקן די בריקן.

מירן זיין געטריי, מירן היטן דאָס הויז פון בעטלער און גאַנאָווים,
אַז ס'זאָל גאָרנישט פעלן, ס'זאָל נישט זיין קיין שאָדן;
אָט יענע, וואָס קומען קלוימערשט נאָך אַ לעפל יושקע, אַ נעדאָווע
און ליידיקן אָפּטמאָל אויס די שראַנקן און קאָמאָדעס..."

און זיי צעבינדן גאַנצע פעק פון זייער ליטישקייט און גוטע מיילעס
און קוקן אין דער באַלעבאָסטעס אויגן מיט טאַכנונים:
—„איר קאָנט פרעגן וועגן אונדז בײַ עסטער־הינדעו, צי בײַ סאָרע־קיילעו,
מיר זענען ערלעכע קינדער, מירן ערלעך דינען! — — —"

שטייען זיי מיט ציטערנדיקע הענט, ווי יונגע ווערבעס איינגעבראָכן,
דורכן גוף לויפן הייסע שטראָמען פון דערוואַרטונג;
די הונגעריקע טעג שרייען אַרויס פון זייער גאַנץ לייב און קנאָכן,
זייערע פּים ווי שטיקער בליי, ליימיק און פאַרשטאַרטע.

די באַלעבאָסטע, אין געבלימטן שלאָפראָק, מיט לעוואָנעדיקן פּאָנעם,
אַ גלאַט־הויטיקס, אַ קיילעכיקס, אַ ליכטיקס, אַ זעטיקס, —
פאַרשאָטנט זיך קוים־קוים מיט דינעם אידיש־גוירישן ראַכמאָנעס
און ענטפערט אַזוי־אָ אַף דינסטמיידלדיקן בעטעכץ:

—„...יאָ, כ'ווייס... אידישע קינדער זענען ערלעך, זענען אויך געטרייע,
זיי קאָנען באַקן, קאָכן, זיי קאָנען צערעווען און נייען, —
אָבער... איך האַלט שוין יאָרן, לאַנגע יאָרן אַ שיקסע, צי אַ גויע,
זי דאַרף נישט גיין שפּאַצירן, זי דאַרף קיין שאָ אַ פרייע..."

זיי האָבן נישט קיין באָכערים, וואָס קומען אַלע נאַכט מיט זיי זיך ליבן
און וויפל מ'צאָלט זיי, האָבן זיי קיינמאָל נישט קיין טיינעס;
זיי ליגן ווי די הינט גאַנצע טעג און נעכט פאַרשלאָסן אין די שטיבן,
ס'קומט צו זיי נישט קיינער, זיי גייען נישט צו קיינעם.

אַז איך פאָר אַוועק זומער אַף קוראַציע אין ווייטע וואַרעם־בעדער,
בין איך זיכער, אַז די שטוב איז טאָמיד אָפן קייטל — — —
יא... כוצדזים דארף מען איז מייז הויז רעגנז שויז פויליש רעדן,
דעריקער צוליב די קינדער, אַבּיסל אויך פאַר לייטן...

מיילע... וועל איך שוין יאָ וועמען פון אייך נעמען אַף עטלעכע וואָכן,
אָבער טאַקע מער נישט, ווי זאָגט מען עס: „אַף פּראָבע";
און טאַקע נישט צום באַקן, נישט צום פּרעגלען, נישט צום קאָכן,
בלויז אַזוי צו שטוב־אַרבעט, ווי זאָגט מען עס: צו „גראָבע"... — — —

און באַלעבאָסטע טוט אַ זיפן זיפּיק, איר גוידער — אַ ווייכן טרעסל,
זי פאַרלייגט די הענט אַפן ברוסטיק־הויכן טורעם;
אין רויטע אויגן פון דינסטמיידלעך פון נישט־דערשלאָפענע מעסלעסן,
פלייצט מיט ליכטיקן געוויין די יונגע סומנע יאָרן.

צעזעגנט מען זיך שטיל, מיט שטומען לאָשן, מיט ווערטער נישט־דערזאָגטע,
מיט כּאַווערטע, וואָס פאַרבלייבט אַף דער נייער שטעלע. — — —
אַף שטיגן הילכן אייליקע טריט. ווי ס'וואָלט זיי עמעץ טרייבן, יאָגן:
ס'זענען דאָך אין שטאָט פאַראַנען נאָך פיל רייכע שוועלן!...

און דאָס דינסטמיידל פאַרהיימישט איר בליק אַף פרעמדע ווענט און דילן,
צעפּאַקט דאָס פּעקעלע און באַפּאַרטעכט זיך, באַטיכלט;
זי פלעכט־איין אין אירע האָר אַ רויטע פלאַרע, אַ גראַשענע און ביליק
און שטעקט־אָן אַף אירע פיס אַן אַלט־געוואַנטן שיכל.

די באַלעבאַסטע ווייזט איר ס'געלעגער אין טונקל העמערל מיט שמאַטעס,
צווישן אַלטוואַרג, צווישן אָפּגענוצטע שיך און קליידער:
זי וועט קריגן אַ כּווידעשדיקן לוין, ווי באַ אַנדערע באַלעבאַטים,
אָנבייסן און וועטשערע? — ווער דאַרף דערפון גאָר ריידן!...

און אויב זי וועט זיך פירן ליטוויש, נישט ווי יענע־אַ דאָרטן, ווייסעך...
וואָס זענען פויל, נאַרן זיך, טוען אַף קיין האָר נישט, —
וועט זי באַקומען אַ צוויי מעטער ציץ אַף שוואועס, צי נאָך אַף פּייסעך
און זאָל אַ מויד נישט מיינען, אַז זי דינט פאַר גאָרנישט!... — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס'ציען זיך שווערע האָרעוואַניע־טעג, פיל וואָכן און כאַדאָשים
פון בייגן זיך באַם וואַשן וועש איבער הויכע באַליעס;
פון פרעסן גאַנצע נעכט דאָס גרעט, שלאָגט די היץ אַזש ביז כאַלאָשעס,
די פינגער מיט רויטע בלאָטערן ווערן אַזש געדראָלן.

פון דינסטמיידלס שוויים גלאַנצן־אויף די פּאָדלאָגעס, קלאָר־געשפּיגלט,
געריייניקט און געפּוצט מיט אירע לעצטע זאַפטן;
איר יונגער קויעך פלאַצט ווי דינער שאָל אפן שטיין פון לאַנגע שטיגן
און שפּעטער ליגט זי מיד, אָן אָטעם און פאַרסאַפּעט.

דורך איר שלאָף הערט זי באַלעבאָסטעס שלעפּנדיקע ווייכע שטעקשיך,
די שפּאַן פון איר האַר, שווער־טריטיקע און וואָגיק;
פון קלענסטן רויש זי כאַפּט זיך־אויף, צעוועקט זיך און דערשרעקט זיך
און ליגט וואַך מיט אָפענע אויגן ביז ס'נעמט שוין טאָגן.

איר דאַכט זיך יעדעס מאָל: אָט האָט זי ווידער שוין אַ גלאָז צעבראָכן,
באַם אויסווישן האָט אין די הענט גאָר געפּלאַצט אַ טעלער;
אַז די באַלעבאָסטע צעקרימט זיך: „הער נאָר, דו, מויד, יאָכע־שליאָכע,
וועסט מיך פון אַזאַ־אָ אַרבעט בעדילאַדאַלעס שטעלן!"...

און נישט איינמאָל: די באַלעבאָסטע איז שפּאַצירן אַוועקגעאַנגען,
האָט זי אָפּגעשלאָסן אַפילע דאָס עסנוואַרג־בופעטל;
קנייפּט און צוויקט דער הונגער, ווי מיט הייס־גליענדיקע צוואַנגען
און דינסטמיידל כליפּעט אַף איר קויטיק בעטל.

און דעם לוין אירן זי באַדאַרף יעדן כוידעש מיט טרערן אויסבעטן
און ערשט דעמאָלט קריגט זי אַ העלפט, צי גאָר אַ דריטל;
זי דאַרף אַ שוך, דאַרף אַ קליידל, זי טראַכט אַ נאַדן זיך פאַרגרייטן
און דאָס מיידל איז פאַרצאָרנט, דאָס מיידל איז פאַרביטערט.

זי באַגעגנט זעלטן אַ כאַווערטע, פאַר וועמען אויסרעדן, דערציילן
איר צאַר, איר טרויער, איר פינצטער וויסטע דאָליע;
זאָלן זיך אירע כאַווערטעס אַף שטעלעס נישט יאָגן און נישט איילן,
סיי ווי איז מען הונגעריק, איז מען באַרוועס, האָלע־גאָלע.

איז צו וואָס דאָס גאַנצע האָרעווען אין פרעמדע גווירישע־רייכע שטיבן,
אַז דאָס לעצטע העמד אַף זיך זאָל ווערן אָפּגעריסן? —
איז דאָך די היים, די אייגענע אָרעמע, פילמאָל שוין טאַקע ליבער,
די אייגענע ווענט היימישער, דאָס פּיסנע ברויט — זיסער!

און ס'טראָגן זיך טעג, ווי שווערע כמאַרעס, אָנגעלאָדענע מיט צאָרן,
אַזוי די וואָכן, כּאַראָשים אין הייזן האַס צעזאָטן;
די באַלעבאָסטע קאַעסט: „ביסט שוין, יאָכע, ווי אַלע דינסטמיידן געוואָרן,
איז נאַ דיר דיינע גראָשנס, פאַרנעם דיר דיינע שמאַטעס!"

און זי איילט אריין אין טונקלען קאַמער, צום דינסטמיידלס געלעגער,
זי וואַרפט אַרויס אַ קאָלדרע, אַ ציכל און אַ קליידל:
—„ט'האָסטו דיר דיינע בעבעכעס און פאַרנעם דיך פון מיין הויז די רעגע,
דו ביסט ווי אַלע דינסטן שוין, ווי אַלע פּראָסטע מיידן!"...

און דאָס דינסטמיידל שווייגט. בלויז אירע אויגן צינדן זיך און ברענען,
זי פילט אירע פינגער קאָכעדיק, אירע ציין — הייסע;
אין דער באַלעבאָסטעס פעטן גורדערדיקן שמאַלץ זיי וואָלטן קענען
זיך אַ פאַרגראָבּ־טון ביזן גאָרגל און אים צעבייסן! —

זיי וואָלטן קענען, יאָ! וואָלטן קענען, ווי די מעסערס זיך פאַרשניידן
מיט אַזויפיל האַס, אַזויפיל צאָרנדיקן פייער — — —
אָבער דינסטמיידל פּאַקט־איין איר ברודיק ציכל, דאָס קויטיק קליידל
אינאיינעם מיטן מיטגעבראַכטן פּיין און טרויער.

זי האָט בלויז אַף באַלעבאָסטע אַ לעצטן בליק פאַרכאַסמעט געגליקט,
אַ גליאיקן, אַ בריאיקן מיט פלאַמענדיקע צונגען — — —
די שווערע גאַסנטיר האָט אַ פּראַל־אויף געטון, האַסטיק צוגעפאַלן,
אַז דאָס שויבנדיקע גלאָז האָט בראַזגיק אויפגעקלונגען.

1937

# אַ גרוס מײַן שטעטל

אַ גרוס צו דיר, שטעטל מײַנס, גרינער קנאָספּ וואָלינער,
באַטקעלעך צעשאָטענע, גערטנדלעך און בײמער, —
דײַן זון, אַ גרוס אַ ליכטיקן, שיקט פון אַרגענטינע,
אין ליכטיקע מינוטן, נישט־דערזונגענע, ווי קײנמאָל.

מיט ווערטער פרײד, ווי קײנמאָל, נישט־דערמאָלענע, פון רינגען
אויפגעריסענע אין לעצטן בראָך פון פוילנס האַרן,
ווען שטעטלעך האָבן זיך אַ הײב־געטון הויך צו זינגען
איבער גרענעצן דאָס ליד פון אויסגעבענקטע יאָרן.

פון אויסגעבענקטע יאָרן צוואָנציק — פּײַן, יאָרן — הונגער,
דורך יאָרן צוואָנציק — שוואַרצע טשאַטעס וראָגעס,
ווען ס׳לײוונטענע העמד און שטיוולטריט אויפגעזונגען
האָבן אין סאָף־גראַנגל מיט די בײזע פּאַנעס.

איבער באַוואָנצטע פּליאַקעס האָבן אַ ווײ־געטון געוועטן
פון ברידערלעך מיט הענט, ווי פרענט, ווי שטאַבעס, —
האָט אַ פּלאַץ־געטון דער יאָך און צעשטויבט, צעטראָטן
אים אײנײנעם מיט די פּריצים, מיט די כראַביעס.

די ראַדזיווילס, לובאָמירסקים, סאַפּיעהאס און ווי זײ הײסן
פון גאַליציע, פּאָלעסיע, פון וואָלין און פּאָדאָליע, —
ווען איבער זײ האָט אַ בראָט־געטון, אַ פּלאַם־געטון די הײסע
שרײַטיקע פויסט פון בעזהאָלאָוויע און בעהאָלע.

ווען די פּאַלאַצלעך אויסגעפּוצטע, די אויסגעצירטע דוואָרן,
האָבן אַ קנויל געטון מיט רויך, מיט צונגענדיקע פּלאַמען
אין נעקאָמעדיקע גרויסע טעג פאַר פיל נעקאָמעדיקע יאָרן, —
בלוט און לעבנס פון זין, פון טאַטעס, פון מאַמעס.

העי, איך צעגיי פון די אָנגערינענע, די יערנדיקע סאָקן,
די זיסע פריידן אין מיינע אויפגעזונטע גריסן
און מיינע ווערטער איצט — שטאַרק און אומדערשראָקן,
זיי ווילן אייך, ווי העגט, אַרומנעמען און קושן.

אויסקושן ביז איינעם — אייך, אויפגעשטאַנענע און גרייטע,
אַ שלאָג טון דעם האַמער פון געזונטער האָרעוואַניע
פאַר טישן ליכטיקע און זאַטע, פאַר דאָרף און שטעטל
היימען אויפגעזונגענע, וואו אישעוו איז פאַראַנען.

וואו פאַראַנען זענען כאַטעס, קלוניעס און סטאָדאָלעס,
שוואַרצע ערד פאַר קאָרן, פאַר האָבער, פאַר ווייצן;
וואו הימלען שפּרייטן זיך אַוועק, ווי ברייטע בלויע פאָלעס
און אַ זון — אַ יונגער הייסער אָגער, אַ צעפּלייצטער.

פאַראַן איז אַ שטאָט, ווי אַלע שטעט, מיט ראַטן, מיט רעכטן,
אָרעמס אויפגעעפנטע, ווי גרינער קנאָספּ וואָלינער;
מיט ליבשאַפט שפּאַנט דער היינט אַריבער סינעדיקן נעכטן, —
אַ ליבשאַפט, אַ לויטערע, ווי העלקייט פון באַגינען.

די ליבשאַפט צו אייגן ערד פאַראַקערטע, פאַרזייט, געשניטן,
ליבשאַפט צו אייגן לאַנד, פאָלק און פעלקער־ברידער
דורך אַרבעט, דורך לעבן, דורכן טיף־פריידיקסטן ציטער
אין איין מישפּאָכע אַ גרויסע, אַ שטאַרקע פאַרגלידערט.

פאַרגלידערט מיט האָפענונג, מיט גלויבן, ציל און זינען,
אַז פאַר קומענדיקע יאָרן, פאַר קומענדיקע דוירעס
זאָל אויפגיין פלוג און האַמער, ווי זינגענדיקער הימן, —
ס'ליכט פון פרייען מענטשן אין זיין העלסטן גוירל.

אָ, זיי געגריסט, שטעטל מיינס, לאַנד מיינס, ברידער־בראַטקעס,
פוירלעך אין קורטיקעס, אין סיערמיגעס, שטיוואַליעס, —
זאָל מיין ליד דערגיין צו אייך אין אייערע ווייטע כאַטקעס,
ווי דאָס ליד פון אייער ליכטיק־אויפגעשיינטער דאָליע.

1939

# גענאַנג צו וואָלינער דאָרף

העי, הוים מיינע, וואָלינער דאָרף, ביסט מיר איצט פיל נענטער און ליבער
דאָ־אָ, אין פרעמד, מיט ווערסטן טויזנטער, ווייט פון דיר געגרעניצט;
דאָ, אין מיין בוידעם־שטיבל, איבער הויכע מויער־שטאָקן, לוים און
שטיינער, —
לעבסטו אין מיין דימיען און כ'בענק נאָך דיר אין מיין עלנטן אַליין איצט.

כ'זע דיך, הוים מיינע, אַ צעשווייסיקט לייוונט העמד פלאַטערן באַ סטאַוון,
צעוואַשן און צעפראַטשט פון פויערטעס מיט אויגן — קרעניצעס
פול־אומעט;
כ'זע דיך—אַ בידנע באָרוועס פאַסטעכל, וואָס פייפלט און פאַרטראַכט זיך:
—העי, פאַסטעכל, ברודערל מיינס, וואָס ביסטו, זאָג, אַזוי פאַרדומעט?!

אַף גרינע לאָנקעס, ווייד־צעפריעטע, מאַלעגיירען מאָגער־בייניקע
בעהיימעס,
פון ערגעץ שלאָגט דער האַרטער שטאָל, אָט שאַרף, אָט שלאַבעריק —
פאַרגאַנגען — — — —
סטעזשקעלעך זיגזאַגענען צעפאַליעט און ווייט די לאַנען בערגלען זיך
פאַרנעפלט
און איבערן בלאָנדן פעלד־יאַם — אַ בלאַנקיטנע סערוועט הויך צעהאָנגען...

איצטער כוואַליעט זיך דאָס פעלד מיט גאָלד פון אויסגעריפּטן ווייץ
און קאָרן,
פון דערפער איז שוין לאַנג פאַרשטומט דאָס געזאַנג פון לעצטע סאָלאָווייען;
היים, וואָלינער דאָרף מיינס, ביסט איצט אין סאַמע פאַרניש פון
שניט שוין
נאָך שווערער האָרעוואַניע, נאָך פיל טעג פון מיאיקן פאַראַקערן, פאַרזייען.

גייט דער רוישיק־שווערער שניט פון שעפּעדיקע זעט אַף פּעלדערישע
שטאָכים
און אין כאַטעס רעדט מען פון געראָטעניש אי פריידיק, אי פאַרביטערט:
—אַז צו וואָס און ווען אַוועקפירן אין שטאָט אַריין די טוואָרע אין
זעקלעך, אין קאָרבן,
אַז פאַר אַ גאַנצן מעטער אַ פּאָר טשאָבעטעס בלויז וויל מען שוין
נישט גיבן!

און אַז ווערט מען ענדיקן דאָס שניידן, דאָס בינדן סנאָפּטשיקלעך,
דאָס דרעשן
(מ'וועט דאָך נישט לאָזן אַף אָסיען אַזאַ שווערע פּראַצע גלאַט אַזוי פוילן!)
און שפּעטער, וואָס? אַז ס'איז נישטאָ וואוהין די גאָלדענע זעט
אַוועקצוגיבן,
אַז ס'איז נישטאָ אַפילע ווער ס'זאָל בלויז פאַרן שוויים אַליין — באַצאָלן!

אין שטאָט, מ'זאָגט: וואַגאָנעס גאַנצענע מיט טוואָרעס מ'פאַרסמאַליעט,
מ'שיט זי אין די יאַמעס, אַזוי אַ מ'טאָפּיעט אָפּ זי אין די כוואַליעס, —
איז וואָס־זשע סאַראַ כידעש, אַז כאָטש אַזאַ גאָלדענע געראָטעניש אין
לאַנד איז —
דאָך איז ברויט נישטאָ אין כאַטע און אויך אין שטאָט איז —
הונגער, דאַלעס.

און שפּעטער ערשט, די באַקנעפּלטע פון שטאָט, די הויכע ראַנגעס פונעם „זשאַנד"
קומען יעדן טאָג אין דאָרף אַריין מאַטעווען די קישקעס — „שטייער!"
נו, נעמען זיי אַוועק—כוצן הונט—אַ הון, אַ האָן, אַ קו, אַ פערד, אַ לאָשיק,
און ליידיקן די שטאַלן אויס און ראָמען אויס די קלוניעס און דעם שייער.

און אַז ס'איז ווייניק, קומען זיי מיט גרויסע וועגענער אַפן צווייטן טאָג צו פאָרן,
מ'שלעפּט פון סטאָדאָלע דעם אַקער, פון כאַטע — דעם טאַבורעט און טאַפּטשאַן;
און אָפּטמאָל—אַרעסט אַלס צולאָג— מ'האָט נישט געלאָזט, געווערט זיך,
צי עפּעס גלאַט האָט מען צופּיל גערעדט קעגן זיי — די פּאַנעס!...

און אַזוי יעדעס יאָר, ווען מ'איז אומעטום פאַרשולדיקט און פאַרמאַשקנט,
ווען מ'דאַרף קוויטעווען וועקסלען, סילעקן דעם פאָרעץ ראַטעס פאַר אַרענדע, —
איז ווערט מען ביזן ביין צענאָגט, אַז אַפן ווינטער בלייבט נישט קיין קאַרטאָפליע
און מ'כאָליעט, מ'הונגערט נאָך דער גרויסער מי, נאָך דער גאַנצער טענדעווערענדע.

יאָ, אַזוי־אָ זע איך איצטער דיך, היים וואָלינער, פאַרוויטיקט און צעטרערנט
און ס'איז מיין בלוט פאַרקאָכט, ווי דאָס הייסע בלוט פון כלאָפּ און פויער;
ווי איך קען דיין פרייד פון הענט — ברוינע און צעזונגען, פון פּים — האַרט־צעשטאָכן,
אַזוי קען איך אויך דיין האַרבן אומעט, דיין שווייגנדיקן טרויער.

דאָך, דאַרף מיינס, בין איך מיט דיר טאָמיד מיט פּיל־טוויזנט קנופּן ענג פאַרבונדן,
ווייל אויך אין מיר ברימ דער ווייטיק, די ביטערקייט פון דיין פינצטער דאָליע;
כ'קען דעם צאַר, אַז פאַר אַ קאַמאַש, פאַר פראָסטע צוויי שטיוואַליעס,
אַוועקפירן אין שטאָט אַריין די מי און מאַטער — די טוואוע פון סטאָדאָלע.

כ'ווייס, ווי ס'פלאַמט דיין צאָרן, אַז פאַר בידנער „כודאָבע" מאָנט מען שטייער,
כאָטש נעם און שינד די הויט פון לייב, אַבי זיי אָנטאָלען די פאָלעס; — —
ס'איז אָבער איצטער, בראַטקעס פייערן, אַ צייט פון שווייגן און פון האָפן,
ווייל נישט בלויז מי און שטייער — מ'מוז צוזאָמל מיטן נעפּעש אויך באַצאָלן!...

דאָך וואָלט איך, וואָליניאַק, וועלן דורכפילן דעם טרויער פון אייערע בידנע כאַטעס,
וואָס פאַרמישט זיך מיטן ברוינעם גאָלד פון גאַרבן, פון צייטיק־פולע זאַנגען;
כ'וואָלט וועלן איצטער לויפן אַ פאַרפינטעטער צו אייך, ברידערלעך בידניאַקעס,
מיין וואָרט: טרייסט און פלאַם, איז דאָך צו אייך נישט איינמאָל שוין דערגאַנגען.

1936

# וואָלינער כלאָפּעס

שנײַדט די זון מיט גאָלדענע כאַלאָפּים דעם דאָרפיש־גרינעם שליאַך
און אַפן בלאָנדן קאָרן היצט דער הימל, ווי אַ ברענענדיקער דאַך.

קלינגט דאָס שטאָל פון אַ קאָסע און דער אָפּהילך ווייט פאַרשטומט,
אַ טראַקטאָר וואו אין בלויעניש הודעט איינטאָניק און זשומט.

אין אַ סטאָדאָלע, אַף אַ סטערטע ערשט־געקאָסעט פריש־צעשמעקטן היי,
באַהאַלטן פון דער דרויסנדיקער היץ, רוען יונגע כלאָפּעס דריי.

זיי וויקלען אין גאַזעט־פּאַפּיר מאַכאָרקע־בלעטער, בלאָזן וואָלקנס רויך
און שמועסן, ווי טאָמיד, פון ערד, איצט — אַף סטויגנדיקער הויך.

זאָגט איוואַן: „ערד! עך, ווען כ׳זאָל האָבן מײַנע צוויי מאָרג ערד
און טאַקע אויך אַן אַקער, אַ געשפּאַנטן מיט צוויי גניאַדע־פערד, —

וואָס וואָלט איך, בראַטקעס, געדייגעט, וואָס וואָלט איך דאַן געקלערט,
ווען כ׳זאָל פאַרמאָגן אין שטאַל צוויי פערד און עטלעכע מארג ערד?!

כ׳וואָלט דעמאָלט, כ׳זאָל געזונט זײַן, נישט געוועזן מער קיין קנעכט,
נישט געוואַלגערט זיך אַף לאָנקעס בײַם „נאָצלעג" אין אָסיענדיקע נעכט;

כ׳וואָלט אין דער ספּעקטאַקטע נישט געגאַן מיטן סערפּ אַף פּאָרעצם פעלד,
ווייל ברויט, קאַרטאָפל, קרויט וואָלט אין מיין כאַטע נישט געפעלט!״

אָבער אַנדריי, דער יונגסטער, מיטן צעשניצטן פּאָנעם און קאָסאָקע אויג,
טוט אַ כראַקע, אַ שפּיי, אַ דריי זיך און אַ וואָרף אַפן הויכן סטויג:

— „עך, איוואַן, באָלוואַן! דו באַלאַקעסט דאָך, ווי אַ פּאָלנער אידיאָט,
וואו נעמט מען ערד, אַ? עפּשער קומט זי, ווי באַטיושקע זאָגט: פון גאָט?...

וואו האָט פּאַן גענומען ערד? אויב נישט געראַבעוועט באַ דיר, איוואַן,
באַ טאַטעס, באַ זיידעס און באַ אַלע פויערן, וואָס אין דאָרף פאַראַן!

יאָ! צוגערויבט האָט דער פּאַן אונדזער פעלד, מיט מי און שוויים פאַרזייט
און איצט — מיר די פּאַראָבקעס און פון קלוניעס די באַלעבאַטים — זיי!

און כאָטש מיר אַקערן, זייען, שניידן, דרעשן און מאָלן אויך דאָס מעל,
דאָך הונגערט אונדזער כאַטע און פיסנע ברויט באַ אונדזעריקע פעלט.

ערד! ערד קער צו דעם, וואָס אין איר זיין האָרעוואַניע פאַרזייט
און אויך, הערסט איוואַן, ווי זי צוריק־באַקומען, ווייסט און פאַרשטייט!

דערפאַר, בראַטקעס, האָט אייער קלאָגן, כ׳לעבן, קיין קלעפּעטש נישט דערוועגט,
מיט כאָלעמען, ווי דו, איוואַן, האָט מען אַ כאָליערע, נישט קיין ערד!״

און אַנדריי, אינגאַנצן אָנגעצונדן, ווי אַ פלאַקער — פלאַמט און ברענט,
ער וואַרפט מיט די פיס און הויבט אין קולעקעס זיינע אָדערדיקע הענט.

ער טוט אַ שטאָרקע פּעדאָרן, אַ הוקע דורך ציין, פאַרשטשעמעטע פון האַס:
— „און דו, פּעדאָר, שווייגסט? פאָרסט עפּשער אויך, ווי פּאַן אין שיינעם „קאַליאַס״? —

שטעקסט דאָך אויך אין ווילגאָטנע זעמליאַנקע, ווי אין בודע דער הונט
און ס'זייגט דיין האַרץ די נויט און פּיין פון דיין ווייב און קינד, —

וואָס זאָגסטו, פעדאָר? בין איך גערעכט, אָדער כ'האָב גלאַט געברעשעט,
בין איך גערעכט, אַז ערד קער צו די, וואָס אַקערן, שניידן און דרעשן?" —

אָבער פעדאָר ענטפערט נישט. ער קוקט אַף אַנדרייען מיט אויגן—פונקען
און ס'היצט זיין בלוט, ווי פון אַן איבעריקער טשאַרקע אויסגעטרונקען.

פעדאָר שווייגט. ער שווייגט מיט שרייענדיק בלוט אין זיין שטאַרקן גוף,
ער פילט שוין גוט דאָס פּיין־געשריי פון ברידער, וואָס מאָנט און רופט.

פעדאָר שווייגט. ער האָט אויך געשוויגן הינטער טפיסע־ווענט נישט־לאַנג.
פעדאָר ווערט שטענדיק זיין מיט כלאָפּעס אין זייער אויפגעוואַכטן גאַנג.

ער ווייסט, פעדאָר, וואָס ס'הייסט הייבן דעם אָרעם קעגן פריצישן קולאַק,
ער איז דאָך אויך ווי פויערן־ברידער, אַ קנעכט, אַ בידנער באַטראַק.

טאָ, צו וואָס באַלאַקען, ווען ס'קלאַפּט די שאָ אין הייסן כלאָפּישן בלוט,
ווען ס'בריט יעדן טאָג אַפן געבויגענעם קאַרק די האַרטע פאַנסקע רוט.

אָבער ווען דער הויפישער גלאָק האָט אַ ריס־געטון פון סטויגנדיקער רו
און כלאָפּעס זענען אַרויס פון סטאָדאָלע צום ווייטערדיקן שניט, —

האָט פעדאָר געכאַפּט אַ קאָסע און זי הויך אַ הויב־געטון, געזאָגט:
— „מיט איר אַנדריי, וועל איך ענטפערן, אַז ס'וועט אָנקומען דער טאָג!"...
1936

# ליד פֿון יעגאָר סאָלאָווײ

אין שנייאיקן געפּריר, אין אייז־פֿאַרקאָווערטן טאָג אַף ווייטע שליאַכן פֿאַרווייט,
וואו שפּאַנסטו, יעגאָר, פֿאַרוויקלט אין גרויען אומעט, ווי דיין סיערמיגנגע גרוי? —

וואו שפּרייזסטו אין וועלטן אין ווייסע אַצינד, אין שנייאיקן ווינטער־לאַנד
אָט אַזוי—אַ שאָטן אַף בלענדיקן בלאַנק, צעוואַקלט מיט שלעפּיקע שפּאַן?

העי, יעגאָר, צעזונגענער פֿויער, וואָלינער ציגיינער מיט טשופּרינגע בלאָנד,
אוואו דיינע כלאָפּישע פּיעסניעס, וואָס נאָר דו האָסט אַזוי זינגען געקאָנט?

דיין זעמליאַנקע און דאָס דאָרף, וואו האָסט זיך פֿיל יאָרן געכאָוועט אין פּיין
האָסטו פֿאַרלאָזט און איצט־אָ וואוהין שפּאַנסטו, אָ, זאָג מיר, — אַליין?—

און יעגאָר, ער הייבט אויף דעם קאָפּ און שפּיצט אָן זיין בליק אונטער ברעם
און קרעכצט אויס אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, ווי געריסן פֿון צעוויטיקטן קלעם:

—„עך, יאָ... ס'האָבן די מאַיען, די פרילינגס פון מיין יוגנט פאַרבליט שוין פון לאַנג
און כ'האָב קיינמאָל, ווי דאָרפישע ברידער, נישט געגעסן דאָס ברויט פון מיין זאַנג.
האָב נישט מיין פראַצע געזאַמלט אין שייער און שטענדיק געבענקט צו דער זעט,
שטענדיק גענעכטיקט אַף לאָנקעס, פרעמד איז געווען אַן אייגענע בעט.

און ווען ס'האָט בלוט מיינס הייס אויפגעקאָכט, ווי אַ זודיקער טאָפּ,
אָט אַזוי ווי ס'זידן די בלוטן באַ אונדזערע ברידער, באַ פויער און כלאָפּ;

ווען ס'האָבן הענט זיך געריסן מיט פויסטן, אָנגעגאָסן מיט שטאָל און בליי
און ס'האָט געזעצט פון זיי מיט גוואורע, מיט געוויטער, האַס און געשריי;

בין איך אַרויס אַפן דאָרף, ווי אַ פלאַם און פאַרברענען, פאַרלענדן געוואָלט
דאָס אַלץ, וואָס האָט מיין אָרעם לעבן מיט אַזויפיל ביטערניש באַצאָלט.

אָבער דעמאָלט, עך, דעמאָלט האָט מען מיינע הענט פאַרשלאָסן אין רינג
און ס'האָט פון דאָרף מיך פאַרטריבן די גערעכטיקייט — דער שווערדן־קלונג.

ס'האָט ביקסענע קאָלבע געבראָכן מיין ריפּ ביז וואונד, ביז בלוטיקן וויי
און קראַטעס לאַנג מיך פאַרשפּאַרט ביז מיין קאָפּ — פאַרשאָטן מיט שניי...

און איצט, אין דאָרף — אַ הונט צעראָיעט אַף מיסטן, וואָס זוכט אַ ביין,
וואָס ציט אויס זיך אַף לאַפּעס און פאַרגייט זיך אין הינטיש געוויין.

נו, איז געבליבן צו נעמען דעם טראַקט און אַוועק פון דער דאָרפישער פּיין,
איז זיי געזונט, אָרעם דאָרף מיינס און כ'שלעפּ מיך אין דער וועלט אַריין,

ווי אַ וואָגלער, אַ בעטלער אַף עלטערע יאָרן איבער שטעטלעך און שטעט — — —"
און יעגאָר פֿאַרהוסט זיך, טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און — אָפּגערעדט!

יעגאָר טוט אַ פֿאַרצי דעם קלומיק און שפּאַנט אַוועק פֿאַרומערט, פֿאַרטראַכט,
און הינטער אים שוואַרצן זיך כאַטעס, ווי קינדערשע קוואָרים — אַסאַך!

יעגאָר סאָלאָוויי, דער מונטערער פֿויער, וואָס פֿלעגט הילכן מיט כלאָפּיש געזאַנג,
פֿלעקט זיך — אַ שוואַרצער פּינטל אַף שנייאיקע ווערסטן, אין וואָגל־גאַנג.

און ס'ציען זיך דערפֿער, דאָרפֿישע כאַטעס, ווייסע לאַנדשאַפֿטן שווינדלען פֿאַרביי,
ווי זיי וואָלטן לויפֿן דערציילן דער וועלט דעם טרויער פֿון יעגאָר סאָלאָוויי.

1936

# ליד פון יוסטינעס טרויער

זיצט יוסטינע אַף דער פריזבע פון איר כאַטע אין אַ ראָזעווען יוני־פאַרנאַכט,
די שווערע הענט פאַרשטעקט אין פאַזעכע, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און טראַכט:

מ'זאָגט: הינטערן דאָרף, העט־ווייט, אַף יענער זייט פון שטרוי־געפלאָכטענעם פלויט,
איז דאָ אַזויפיל זעטיקייט, איז דאָ אַזויפיל קאַרטאָפל, איז דאָ אַזויפיל ברויט.

אַז ערגעץ דאָרט, איבער די הויך־באַגראָזטע לאָנקעס, איבער די ברייט־צעגרינטע לאַנען,
איז דאָ אַזאַ זוניק גליק אין לעבן, איז פרייד אַזאַ צעליכטיקטע פאַראַנען.

קאָרטשעט זיך יוסטינעס האַרץ פון צענאָגטער בענקעניש, פון אומעט און פון טרויער;
און אַז וואָלט ער לעבן, איר מאַן, איוואַן, דער צעפּראַצעוועטער בידנער פויער? —

אַז אייגנס נישט קיין פעלד, נישט קיין אַקער, נישט קיין פערד און נישט קיין וואָגן,
נישט קיין זאַנג פון ווייץ און קאָרן, נישט קיין סטערטע היי, נישט קיין שטרוי אין סטויגן.

בלויז אַ שוואַרצן, ווי נאַכט, בייז־צעבילטן הונט, וואָס רייסט זיך פון דער קייט
און אין שוים — אַ צעהונגערט שייגעצל, וואָס וויינט און מאָנט אַ פענעך ברויט.

איז וואָס, אַז ס'הענגען נאָך צוויי יונגע, צוויי שטאַרקע, זונצעברוינטע הענט,
וואָס וואָלטן האַרטע ערד צעשטייניקן, צעאַקערן, צעבראָנעווען געקענט?

איז וואָס, אַז אין די גלידער ריזלען אומגעצוימטע קויכעס, כוואַליקע ווי שטראָמען,
וואָס וואָלטן אויסגעריסן זקיינים־ביימער מיט די טיפע וואָרצלדיקע שטאַמען? —

זשאַווערן די קויכעס אין איר לייב, דרימלען ווי די באַשאָטנט־שטילע לאַנען, —
כאָטש אָנטון אַ טאָרבע און זיך שטעלן בעטלען אַף שוועלן פון די פאַנעס.

כאָטש אַוועקלאָזן זיך אין וואָגל, גיין פון דאָרף צו דאָרף, פון כאַטע צו כאַטע,
אָט אַ שטייגער, ווי צעהינקטע אַלטע באָבעס, געוויקלטע אין שמאַטעס.

דאָס צעהונגערטע שייגעצל זאָל אויסגיין, ווי דער שוואַרצער הונט אַף דער קייט,
ווען פאַרן בלאַנקן סערפּ אַזויפיל זאַנגיק־ברויטיקע פעלדער שטייען גרייט.

פילט יוסטינע: איר האַרץ זידט און קאָכט, ווי אין טייך אַן אָנגעגליטער שטיין,
אַז ערגעץ אין די טיפענישן פון איר געזונטן גוף צאַפּלט־אויף געוויין.
1935

# ליד פון וואָלינער פויערטע

די וואָלינער פויערטע איז באָרוועס, אין אַ פּראָסטן לייוונט־העמד,
אירע אויגן — קרעניצעס, לויטערע און בלוי;
ווי צוויי סאָסנעדיקע צווייגן, אירע קרעפטיקע צוויי הענט,
ס'ווייט פון איר מיט לאַן, מיט ערד און קאָרנברויט.

די וואָלינער פויערטע איז ווערנע־צייט אַ ברעזע ברייט־צעבליט,
וואָס טראָגט איר פרישקייט ווייט אַוועק אין פעלד;
אין אירע אָדערן ריזלט סאָק, איר קאָפּ מיט ווייסן צוויט,
אַנטקעגן גאָלד פון טאָג — זי זילבערט און זי העלט.

די וואָלינער פויערטע שפּאַנט־אויס אַף לאָנקעס ווייך־צעשמעקט,
באַזאַפּטיקט און באַטויט, ווי דאָס גרינע גראָז;
ווען דער פריער אַרבעטס־טאָג מיט פינגער בלויענקע צעוועקט,
גלייך מיט יעדן פויער די כאַטע זי פאַרלאָזט.

דאַן גייען־אויף פון איר די רייכעס פון דאָרפישן באַגין,
שאַרפער בלומענדופט מיט צעפאַרעט קיי־גנוי;
דאַן זינגט אַראָפּ פון אירע האָר דער פּיסאַזש פון מיין וואָלין,
דאָס פאַרנאַכטנגאָלד און דער פרימאָרגנבלוי.

הינטער העלע טיפע הימלען דאָס ברייטע פעלד — איר טיש,
מיט קנאָבל, ציבעלע, קימלברויט פאַרגרייט;
זי זשליאָקעט פון דער קרעניצע וואַסער קלאָר און פריש,
קייעט מיט אַפּעטיט און געזונט פאַרדייעט.

איר בעט — אין קלוניע אַף אַ סטויג פריש־געקאָסעט היי,
וואָס שיקערט אָן דאָס הייסע רויטע בלוט;
זי שפּרינגט פון איר געלעגער מיטן ערשטן האָן־געקריי,
אַ מונטערע, מיט גלידער אויסגערוט.

איר לייב דעקט צו אַ פּאָשעט קלייד פון פּראַנעל, צי ציץ
און איר פוס מיט פּראָסטן שוואַרצן שוך;
פאַר איר איז זייד און סאַמעט גאָר קיינמאָל נישט קיין נוץ,
גענוג אַ פאַרביק פאַרטעך און אַ געבלימלט טוך.

זי ווייסט נישט פון קיין אייפערזוכט, וואָס זשאַרעט אין ברוסט
און פלאַמט דאָס אויג מיט הייסן בייזן בליק;
ס'איז ווייט פון איר און פרעמד די שטאָטיש־פאַלשע לוסט,
דאָס ביליקע גענוס און דאָס באַצאָלטע גליק.

זי צירט זיך נישט, שמירט זיך נישט מיט פודער, מיט שמינק,
פון פוצן זיך, זיין קאָקעט זי אַנט נישט גאָר;
דער רעגן וואַשט איר קאָפּ אויס, אַ ווייכער קאַם דער ווינט,
די סאַזשלקע, דער סטאַוו — אַ שפּיגעלע איז קלאָר.

איר ליבע איז פּאָשעט און געזונט, אָט אַזוי ווי זי אַליין,
ווי דער מוסקל פון אירע שטאַרקע הענט און פיס;
זי שמייכלט מיט אויגן זוניקע, מיט ווייסע שורעס ציין,
זי קושט מיט ליפּן זאַפטיקע און זיס.

זי טוליעט זיך מיט הייסער ברוסט, צעקוואַלענער און יונג,
מיט ברוינע אָרעמס דריקט זי און זי קלעמט, —
און אַלץ אַזוי־אָ שיקסיש־דאָרפיש, מיט אַ סוויפּטש, אַ זונג,
אַלץ אַזוי־אָ האַרציק, פאַר קיינעם נישט געשעמט.

זי טאַנצט אַף אַלע חוליאַנקעס אין די זונטיקן פאַרנאַכט,
דרייט זיך ווי אַ רייף אין איר בונטן קלייד;
זי האָפּעט און זי טופּעט, זי הירזשעט און זי לאַכט,
נישטאָ קיין מאָס צו איר יאָדערדיקער פרייד.

און ס'איז צום טאַנץ און קאַרעהאָד גאָר נישטאָ קיין סאָף,
ביז זי פאַלט אַוועק ווי אַ זאַנגענדיקער סנאָפּ;
זי שנאָרכעט דאַן אַ מידע אין טיף־אָטעמדיקן שלאָף,
באַגין דערוואַכט צו פראַצע גלייך מיט יעדן כלאָפּ.

און אַזוי־אָ מיט אַ גראַבליע, צי מיט אַ סערפּ אין האַנט,
זי שפּרייט דאָס גאַנצע דאָרף מיט כלאָפּישן געזאַנג — — —
העי, וואָלינער פוירטע אין מיין ווייט־צעבענקטן לאַנד,
כ'זינג צו דיר מיט ליבשאַפט און מיט שטילן באַנג.

1936

# פינף סאָנעטן צו אַ דאָרפסמיידל

**1**

ביסט ווי קאָרנבלומ, פּאָשעט און פּראָסט,
ברייט פאַר אַ הונגעריקן — פולזאַט;
דיין לייב, מיר דאַכט, טייג, נעם און קנעט,
מיט דער גאַנצער גוואַלד, וואָס דו האָסט.

ביסט פּראָסט, אַזוי פּראָסט ווי שוואַרצע ערד
פון מיין היים, דעם צעזונגענעם וואַלד;
פעטע ערד, וואָס גייט-אויף מיט בליטן גרין,
שלאָגט מיט וואָרצלען אויף און יערט.

ביסט פּראָסט, ווי איך — אַ דערוואַקסן קינד
פון קלאָרע סאַזשלקעס, לאַנגע ברייט-באַגרינט,
מיט פעלד און וואַלד, הימלען בלוי און טיף.

מיט ווייטע הימלען, וואָס ציען איבער דיר
און איבער וועלטן אין זומערדיקן ציר,
וואָס טוליען זיך, ווי שטילע, בלויע שאָף.

2

כאָטש נעם פֿלעכט־אויס פֿון דײַנע בלאָנדע האָר, —
בינטלעך ליין, דורכגעוועבט מיט ליכט און זון, —
לאַנגע צעפּ, אַזעלכע לאַנגע צעפּ, ווײַך און דין
און הענג זיך אויף אַף זיי, צו אַלדי־גוטע יאָר!

כאָטש נעם פֿלעכט־אויס שפּאַגאַטן שטאַרקע צוויי
און שפּאַן זיך אײַן אין זיי — אַ פֿאַרליבטער קנעכט,
דורך העל פֿון טאָג, דורך טונקל פֿון די נעכט,
וואָס איז מיט גוף און האַרץ ביזן טויט געטריי...

דײַנע בלאָנדע האָר — אַ סטערטע זומערדיקער היי
אין מיטן זון־פֿאַרפֿלייצטן, שפּילנדיקן פֿעלד, —
אין מיטן פֿון דער פֿריידיקער, זינגענדיקער וועלט.

איז וואָס זאָל איך טון מיט דעם בלאָנדן היי,
וואָס פֿאַלט אַף מײַן אַקסל — שטאַרק און יונג
און פֿלאַטערט און זינגט, וויגט זיך און זינגט.

3

זאָג אַליין, ווער נאָך ווי דו, ווי דו פֿאַרמאָגט
אַזעלכע גרויסע, קלאָרע, טיפֿע אויגן צוויי,
אַז כאָטש נעם און דערטרינק זיך נאָר אין זיי
אין נעכט פֿון ליבשאַפֿט הײַס און העל־צעטאָגט.

אין אָוונטיקן דעמער דרימלט דאָס טײַכל קיל,
דאָס לויטערע, לעם דײַן כאַטקע — ליים און שטרוי;
בלויז דײַנע אויגן — סטאַוון, דורכזיכטיקער טוי,
דעמערן נישט, דרימלען קיינמאָל אײַן נישט שטיל.

און טאָמיד לויפֿן כוואַליעס, אײליקע אין יאָג
אין דײַן אויג, אין דעם טיפֿן אָפּגרונטלאָזן קלאָר,
וואָס שפּילט זיך מיטן בלוי פֿון אײביקן קאַיאָר.

איז וואַרשע נעמט מען דו פֿאַר דיר, אָ, זאָג,
אַז ס'זאָל דײַן אויג אַ דרימל טון, ווי סטאַוו
און דײַן גוף — מיט שטילן רו פֿון שטשאַוו.

4

אין אַ פֿאַרנאַכט אַזאַ פֿון שטילן דאָרפֿישן געזאַנג,
דאָרפֿיש ליד, וואָס שיקערט אָן דאָס לײַב און בלוט, —
כ'האָב צווישן יונגע קזשאַקעס שווער און מיד גערוט
און פֿאַרנומען דײַנע טריט, דײַן לײַכטן הירשנגאַנג.

האָט מיר געדאַכט, האָט מיר דאָן וואונדערלעך געדאַכט:
ס'שפּרייזט דער טאָג מיט לאַנגע, גרינע פֿיס אַרום
און איבער ווײַטקייטן און איבער דאָ און אומעטום,
דו האָסט דער גאַנצער וועלט גרינע פֿרייד געבראַכט.

אַ פֿויגל האָט אַ רוף געטון פֿון אַ צווײַג נישט ווײַט,
האָט אַ צווייטער אָפּגעענטפֿערט פֿון אַן אַנדער זײַט
און ס'האָט צעשאָטן זיך אַ גאַנצער כאָר, מילד און זיס.

בלויז מיר, מיר האָט זיך אַלץ נאָך דאָן געדאַכט, ווי וואָר,
אַז איבער מיר און איבערן גאַנצן זינגענדיקן כאָר,
דו שפּאַנסט אַרום, ווי טאָג, מיט לאַנגע גרינע פֿיס...

5

זע: דאָס וועלדל, דער סאָסניאַק, שטייט אין דרימל
נאָך רוישיק־זוניקן טאָג — ווייט־פאַרקלונגען;
מיט קאָסע, סערפּ און ליד פון דאָרפישע יונגען,
פון די יונגע פויערטעס אין טיכער רויט־געבלימלט.

זע: ס'אָטעמט דאָרף מיט שטיל־שטילן רו פון שקיעס,
וואָס רינען פון די הויכן מיט ווייכקייט דינעם, —
בלויז דו, דו אַליין, אַרום בליטיקע וועלטן גרינע,
מיט ראָסע פון אומעט אויף דיינע צעצאַפּלטע וויעס.

הער, ווי ס'זינגען די סטאַוון און ס'ענטפערט דער קאָרן,
דער ווייץ און דער האָבער — ס'גאָלד פון זאַנגען,
אין טיפן מורמל, אין צעדאַוונטע טפילעס פאַרגאַנגען.

בלויז דו, דו אַליין נאָר, באַם זוניקן פלויט פון יאָרן,
מיט נאַכט, מיט שאָטן, מיט פריען טויט־גליאיקן אומעט
און מיט אָסיענדיקן קלייד אויפן לייב פון דיין זומער.

1938

# אומעטיקע וועסנע

אין מײַן דימיען וויגט זיך אַ ליכטיק ביימל קאַרשן,
אַ טייכל סטענגלט זיך מיט טאַשמעס ראָז,
פיאָלעט און בלאַנקיט, —
אָבער דאָס גאַנצע בלויז אין מיר —
אומעטיקע מאַרשן,
האַרבסטיק ליד.

אין מײַן דימיען רינען פרימאַרגנס, בלוי־סטאַוויקע צעבלינעט,
איבער לאָן און לאַנקע אין זוניקן בלײַ;
וועסנע ציט אירע צוויטיקע הענט צו די הימלען
אין אויפגעכוואַליעטער פרייד, —
אָבער איבער מיר שלעפן זיך פאַרנאַכטן — מאַנאַכן,
מיט קאַלטן אָטעם־גלי.

די ערד פון מײַן בענקשאַפט אין מײַן קאָרענעם וואַלין
רופט מיך: קום!
קום צוריק צו אונדזער אָרעמער פרייד, —
פאַרוואָגלטער זינגענדיקער זון!
די ערד איז גרין,
די ערד יערט מיט זאַפטן,
וואָס האָט דיך געהאָדעוועט צוואַנציק יאָר;
די ערד, וואָס האָט פאַרנומען דײַן געזאַנג
און אויסגעגלעט אַלע דײַנע טרויערן מיט מוטערלעכער ליבשאַפט.
אַף אַספאַלטיקן ברוק בלאָנדזשעט דײַן טריט,
דײַנע אויגן — פראַסטיקע סאַזשלקעס,
גליווערן אַסיענדיק און קיל

און די פּרעמיר, —
די אייביק־שטאָטישע פּרעמיר, לויערט אַף דיין טאָג,
וואָס קומט אָן במאַריק און פּאַרגייט אָן ראַזעוון דעמער — — — — —

אין מיין דימיען ציט אַ בראָנע אפן שווארצערדיקן פעלד,
אַ פויערל — אַ טראַסציע אין די ביינער אים,
וויאָקעט: העי ־ העי ־ העי —
און א בלאָנדלאָקיק באָרוועס שיקסל שיקסלט זיך אין זאַנגלדיקן יאַם,
אין צעשמעקטע סטערטעס היי.
אירע אויגן — שפּערלעך צוויי,
לויפן מיט געזאַנג פון בוים אַף זאַנג
און אירע ברוינע הענטלעך — אַ געזונט אין זיי,
טוליען די גאַנצע וועסנע־וועלט צו אירע בריסטלעך —
וועוויריקעס צוויי — — —

נאָר באַ מיר, אין מיין גרויסשטאָטישער היים,
שלאָגט דער פרילינג מיט רעגן אַף די פענצטער פון געמיט.
פרימאָרגן ציט אָן צווייט, אָן ליד
פון זינגענדיקן בוים, פון שפילנדיקן פעלד.
נאָר באַ מיר, אַף מיין שטייניקער גאַס,
צווישן שטייפע פריינט און פארשטיינטן מענטש, —
איז ענג, ווי צווישן ווענט,
נאָר מיינע הענט ציען זיך, ווי וועסנע
אין די בלויע הימלען אַריין פון מיין בענקשאַפט:
היים!

אין מיין דימיען קלאָרט אַ ביימל קאַרשן,
אַ טייכל סטענגלט און שלענגלט זיך בלאַנקיט,
נאָר מיין בלוט גייט אויף מיט האַרבסטיק ליד
און מיין געביין —
מיט טיפע אומעטיקע מאַרשן.

.1937

# אַ גרוס צו דיר, פויערל...

אַ גרוס צו דיר,
פליוש־און־בייניק בידנע פויערל;
דורך מיינע קאַרגע ווערטער און פּראָסטן ליד —
אַ גרוס צו דיר!

דיין קאָכעדיק געשריי גייט אויף דורך מיינע טעג,
ווי דאָס געשריי פון מיין בלוט,
אויסגעמישט מיט דיינעם —
פויערל מיינס;
דיין צאַר ברענט אין מיינע אָדערן, ווי דער גלוט פון דיין גוף —
בראַטקע מיינער,
הינטער די שווערע שטאַבעס פון דיין דאָליע,
פון דיין כלאָפּיש־באַטראַקישן גורל
אַף די זאַט־זאַנגיקע פעלדער פון וואָלין
און אַף די הונגעריקע טישן פון דיין היים.

דער יונגער באַגין האָט זיך נעכטן צעגליט
רויט אַזוי אַף די שייבלעך פון דיין שטרויענער כאַטע מיט פלאַם, —
האָבן בלאַנקע קאָסעס אַף פויערישן אַקסל

אין די נאָענטע שטעט אַוועקגעשפּאַנט;
הייסער שטאָל אין זוניקן גלי אַף די פּעלדער
פּון דיין האַס,
פּון דיין צאָרן.

אַף זומערדיקע שליאַכן —
גרינגראָזיקע גוטסקייט אין בלי,
זענען געלאָפן באָרוועסע פּיס פּון פּיין;
דורך לויטערער בלויקייט פּון טאָג
האָבן זיך געהוידעט בערדיקע ברידער פון נויט
און הינטער זיי —
ברענענדיקע דערפער
און אָנגעצונדענע ערד פון פּויערישן בלוט צעזאָטן.

די שטשעפּע האָט געבליט און פאַרבליט,
די גראָזיקע סטעבליע האָט געוויאַנעט;
צווישן טרויעריקע מעזשעס און פאַרוואַקסענע בייטן
האָבן וראָנעס געקראַקעט מיט שוואַרצן געוויין —
און ביסט נישט געקומען.

די אָפּ־צעפּראַלטע אומעטיקע קלוניעס,
די פאַרלאָזטע סטאָדאָלעס,
די ליידיקע וואָגנס האָבן דיך גערופן אין זוניקע פרימאָרגנס,
אין גאָלדענע שקיעס —
און ביסט נישט געקומען.

דער אַקער, דער סערפּ און דער ציפּ
האָבן געבענקט נאָך דיינע ברוינע הענט
פון ערדישער פראַצע דורך יאָרן,
דורך דווירעס פון זיידעס און טאַטעס —
און ביסט נישט געקומען.

דיין פֿאַרוויטיקט ווייב,
דיין פֿאַרווייגט קינד
האָבן דיינע הייסע טריט מיט געבעט פֿאַרפּראָשעט
אַף דיין צוריקקער —
און ביסט נישט געקומען, —
נישט געקומען מיט באָרוועסע ברידער פֿון פּיין,
מיט בערדיקע ברידער פֿון נויט,
מיט דאָרשטיקע קאָסעס אַף אַקסל באַלאָדן
אַף די פֿעלדער פֿון דיין האַס,
פֿון דיין צאָרן.

איבער דערפֿער האָט זיך דער אָסיען פֿאַרצויגן
מיט ווייכע צערעגנטע גרעזניעס;
זומפּיקע סטעזשקעס האָבן זיך פֿאַרוויקלט מיט כמאַריקע נעכט,
די פֿינצטערע כאַטעס, ווי טשאַטעס שוואַרצע הינט,
האָבן געוואָיעט איבער פּיסנע שטאַכים אָן זאַנגיקן גאָלד
און דער הונגער האָט געקלאָגט ביזן ליידיקן זאַסיק.

בלויז אַ צעריסענע סיערמיגע,
אַ צעפּוילטער פּידזשאַק
און צעבראָכענע קאָרעדיקע פּאָסטאָלעס
האָבן געשוויגן מיט האַרטן געשריי אַף די סומנע שליאַכן
פֿון דיין פּיין,
אַף די אָסיענדיקע וועגן
פֿון דיין נויט, —
בידנע וואָלינער פּויערל, מיינס!

1937

# ליד וועגן אַ באַרגמיידל

אַפּריל. האַרבסט. פון הינטן בלאָט און שווייגט דער אָזיער סאַן־ראָקע
זיין אור־אַלט בעריישעפדיקן פאַד הינטער די שווערע שטייניקע בלאָקן.

שטיל איז באַרגיקער דאָרעם. פאַרטראַכטער באַרגיקער דאָרעם דרימלט
און רוט הינטער בלאָע לופטיקע רוימען, הינטער טיפע זוניקע הימלען.

העט־ווייט די ברעגעס, דאָס קלאָר־זאַמדיקע לייב, בלויז בליאַסק
און פינקל, —
ליגן פאַרטייעט מיט בלאָען, מיט ליכטיקן כאָלעם שוים־ווייס פאַרטרונקען.

דרימלט די פאַלמע. דרימלט דער שלאַנקער אַלאַמאַ. דרימלט אינגאַנצן
דער באַרגיקער געגנט, דעם באַרג־מיידל אַלטאַמיראַנאָ'ס
בלעכענע ראַנטשע.

די איינציקע בלעכענע ראַנטשע, מיר וועגטלעך, פאַר ווינטן, וואָס קומען
און איילן, ווי וויכערס מיט פליגל, דורך די בערג סיי ווינטער און זומער.

די איינציקע ראַנטשע — און אַלטאַמיראַנאַ, דאָס קינד פון בערג, פון טאָלן
לויפט אום, ווי די וויסקאַטשע, אַזוי באָרוועס, אַזוי האָלע און גאָלע.

קוים פערצן יאָר איז זי אַלט און שוין אַזויפיל, אַז זי קען נישט קיין טאַטן,
קיין מאַמען, קיין שוועסטער, קיין ברידער — אַליין אַף באַראָט
צווישן ווינטן.

אַליין אַף באַראָט צווישן בערג ביז די הימלען פאַרשפּיצט און פאַרשניטן,
וואו ס'גרויען די נעפּלען, פון וואַנען וואָלקנס לאָזן אַראָפּ דעם געוויטער.

אָבער אַלטאַמיראַנאָ האָט בראָנדזיקע הענט, האָט פיס — שטאַר־
קע און פעסטע
צו שפּאַנען דורך בערג־שפּאַלטן שמאָלע, דעם פינצטערן אָפּגרונט
צו מעסטן.

זי האָט אויך אַן אייזל, אַלטאַמיראַנאָ, אַזאַ שטילינקן, וואווילינקן
אייזל אַ ראָבן,
וואָס שלעפּט זיך און דרימלט, דאַרף אים קיינמאָל נישט יאָגן און טרייבן.

בלויז אַזאַ צי און אַ סמאָק מיט די ליפּן און ער רירט זיבער זיינע
שווערע און גראָבע
פיס און דראַפּעט און קריכט דורך די שטעגלעך, דורך בערג־
לעכער, גראָבנס.

דורך שטעטלעך, וואו מ'טרעפט אַ סעניאָר, און ער קויפט
אַ קרישטאָלן שטיינדל,
וואָס זי זוכט און געפינט און ברענגט אהיים אַ גאַליעט, אַ פּליוש־ביינדל.

און אַז זי קערט זיך צוריק צו דער ראַנטשע דורך לעוואָניקע
בערג און טאָלן
באַגאָסן מיט בלאָ־זילבערנער ליכט, ווי טאָמיד איר היימישע געגנט;

ווי שטענדיק די רו און דרימל אַף הויך־באַרגיקע שטאָכים און מיילן
אין דאָרעם און ווייטן, אַז ווער קען זיי מעסטן, ווער קען זיי דען ציילן, —

צעבלאַנקען זיך אירע מילך־ווייסע, שניידיקע, געדיכט־שטאַרקע ציינער,
צעפינקלען זיך אירע טיף־שוואַרצע אויגן פון סאַן־ראָקער נאָך ריינער

און ס'ציט־אויף אַ געזאַנג, אַ ליד פון טייך, פון באַרג, פון נאַכט און לעוואָנע
איבער בערג, איבער טאָל, איבער נאַכט פונעם באַרג־מיידל אַלטאַמיראַנאַ;

אַזאַ ליד וועגן ווינטן, וואָס דערציילן פון שרעק און פון וואונדער צוזאַמען,
וועגן אָפּגרונט, וואָס האָט פאַרשלונגען איר טאַטן, איר יונגינקער מאַמען;

אַזאַ ליד וועגן גיפטיקע שלאַנגען, וואָס האַלטן זיך אויף אין די היילן,
איניינעם מיט רובעס, „דועֶנדעס" וועגן וועלכע די באַרג־לייט דערציילן;

אַזאַ ליד — און אַלטאַמיראַנאַ צעלאַכט זיך: אר־אר־או, יונג און קוואַליק,
אַז איר קרעפּטיק געלעכטער פאַלט אַף דער נאַכט, ווי רוישיקע כוואַליעס;

אר־או — וואָס אַרט מיך די הייל, די גיפטיקע שלאַנג, די אַלע „נישט־גוטע",
אַז איך פיר אַהיים אַף מיין אייזל געלאָדן פרוכט, פלייש און גאַליעטן.

און די ווינטן, וואָס קומען מיט שטורעמס איבער די באַרגיקע הייכן,
זיי וועלן נישט היינט, נישט מאָרגן, קיינמאָל צו מיין ראַנטשע דערגרייכן.

מיין אייזל וועט קיינער נישט רויבן, זיינע פיס וועט קיינער נישט בייסן
און ס'וועט אים נישט נעמען קיין פעסט אין די זומער־טעג הייסע.

אר־או — הילכט אפן „אייזל־וועג" דאָס קאָל פון מיידל אלטאַמיראַנאַ,
די טריט פון אייזל, וואָס שלעפּט זיך דורך נאַכט, באַרג און לעוואָנע.

דורך הייל, דורך טאָל, דורך פעלדז, דורך אָפּגרונט צוריק צו דער ראַנטשע,
דורך פאַלמעס פאַרטראַכטע, דורך פאַרדרימלטע שטעכיקע פלאַנצן.

און פון ווייטן מורמלט סאַן־ראָקע דעם וואונדער, די סוידעס פון יאָרן,
באַהאַלטן אין גרעזלעך, אין שטיינדלעך, וואָס וועלן נישט
קיינמאָל פאַרלוירן.

דעם וואונדער פון אַלטאַמיראַנאַ, איר אומעט, איר פרייד, איר שטורעם,
איר ליכטיקע ליד דורך בערג און טאָלן פון ליכטיקן זוניקן דאָרעם.

.1939

# נאַכט אין לאַ קומברע

פול־לעוואַניקע לאַ קומברע־נאַכט איבער דרימלענדיקע בערג
אין ווייסן נעפּל

פאַרוועבט מיט בלויע פעדים ליכט די פאַרטוליעט־שטילע וועגן;
די לעוואַנע רונדיקט זיך אַף יעדער קוסט און ביימל, ווי אַ גאָלדיקער עפּל,
ס'שיט זיך פון דער הייך אַראָפּ אַזויפיל בלוים — אַ שטערנדיקער רעגן.

דער פאַרצייטיש ווייס־געקאַלכטער רונדער שלאָס איבער
באַרגיק־הויכע וויטן

מיט פענצטערלעך—אַזויפיל אויגן, אָנגעגאָסענע מיט פולע בלויע אַפּלען,—
בענקט אַראָפּ צו טיפע טאָלן דעם וואונדערלעכן כאָלעם זייַנעם
פון פאַרצייטן

און קישעפט צו דעם אָזיער — פאַרוויגט מיט נאַכט, אין רינצלדיקן צאַפּל.

ס'ווייסט יעדער זעמדל און שטיינדל צו דערציילן דעם
מורמלענדיקן אומעט,

וואָס טויכט איבער וועגן צום אָזיער פונעם שלאָס, איינזאַם זייַנע יאָרן, —
אין ווינטיק־האַרבסטיקע טעג, אין צווויט־צעבליטע נעכט פון זומער,
אין צעטריפטן גאָלד פון דעמער און אין די יונגע ראָזעווע קאַיאָרן.

דער אָזיער — טיפער דורכזיכטיקער שפּיגל, בלויער
וואונדערלעכער כאָלעם,

רינצלט זיך און צאַפּלט, מורמלט שטיל צופוסנס די פעלדזיקע גיגאַנטן,

פאַרשניטן אין הויכקייט פון די הימלען, אין דינע נעפּלען
מילכיקע געטוליעט
און פ'שטייפן סוידעסדיקע בלעטער פון אַלאַמאַם, געשורעט בײַ די ראַנדן.

צווישן באַרגשפּאַלטן, אָפענע גרונטן מיט רייץ און שרעק, מיט
סאַד און לעגענדע,
שווימט לעוואָנעס גאָלדענער קאָפּ, ווי אַ לונאַטיק אַף פעלדזן־גופים;
זי פאַרשווימט אונטער זיך אַזויפיל סטעזשקעס, טאַשמעס
בלוי און בלענדיק,
און קייקלט אַרויף אַף גלאַטן שפּיגל פונעם אָזיער זילבערדיקע רייפן.

די בלעכענע, הילצערנע ראַנטשעס, ווי בראָדעווקעס, פאַרשטעקט
אונטער טאָלן,
פאַרוואָקסן אין פעלדזן־לייב, ווי סטאַרטשענדיקע ציין איבערן
כוישעך פון הײלן, —
דרימלען מיט געפרעסטן אָטעם, שטיל ווי נאַכט, שטיל ווי
שלאַנקע טאָפּאָלעס
אין רו, אין וואונדער פון יאָרן, ווער ווייסט זיי, צו רעכענען, צו ציילן.

ווער ווייסט עס דען מיט ווערטער צו דערציילן, פון נעכט לאַ קומברער
פול־לעוואָניק,
בלויען כאָלעם, פערלדיקן טוי אַף ווילדן גראָז, ווער קען עס דערמאָלן, —
אַז יעדער שטיינדל, יעדער גרודקע זינגט מיט קלאַנג
פון בערייזשעסדיקע סטרונעס,
און יעדער זעמדל רעדט צו דיר מיט וואָרט פון פאַרגאַנגענע אַמאָלן.

דער שטיין אונטער מיר, מיר דוכט, אַן אייביקייט, וואָס שווייגט
מיט רו פון דורעס,
וועל איך אים אַ וויג־טון, אַ רודער־טון פון שלאָף מיט מיינע קויבעס:

—העי, ס'וועקט דיך אַ לעבעדיקער מענטש מיט בלוטן
אויפגעזאָטן, אויפגעיוירן,
גיב אַביסל רו צו בלוטן אויפגעזאָטענע אין יאָרן אומרואיק־צעקאָכטע.

און אַ זאָג־טון צו דער נאַכט, בלוי־לעוואָניק, צום שווימענדיקן קאָפּ
איבער טאָלן,
איבער בערג איבער אָזיער, איבער שלאָס, איבער וועגן, טאָפּאָלעס:
—גים אַריין אין מיר אַזאַ־אָ רו בלוי־לעוואָניקע, רו פון פאַר־
שוויגענע אַמאָלן,
אַז אויך מיין לייב, מיין גוף זאָל ווערן שטילער וואונדערלעכער כאָלעם.

און נאַכט לאַ־קומברער, ווי מאַזשינער, לאַ־פאַלדער, קאָסקינער,
ווי גאַנצע געגנט,
הילט זיך טיפער אין בלויען שלאָפראָק, אין ברייטן העמד פון ווייסן נעפּל;
אַף די בערג, די פעלדזן, מיר דאַכט: ס'פאַלט אַלץ אַ דינער
שטערנדיקער רעגן
און אפן דאַך פון געקאַלכטן שלאָס ליגט לעוואָנע, ווי אַ קיילעכיקער עפּל.

די קילקייט רינט אַראָפּ מיט טוי פון יעדן שטיינדל — אַ פייכטער
שוואַרצאַפּל,
די קילקייט רינט אַף שפּיגל פונעם אָזיער און לאָזט אים שטיל־
פארגליווערט;
כ'זע: ס'טוליעט זיך באַרג צו באַרג, די גאַנצע וועלט מיט נאַכט פאַרצאַפּלט,
ס'טוליען זיך נענטער די נידעריקע ראַנטשעס, די דרימלענדיקע שטיבער.

כ'הייב מיך אויף פון שטייניקער רו, כ'הייב מיך אויף, שפּאַן אַוועק
דורך שטעגן,
דורך סטעזשקעס ווילד־באַגראָזטע, סטעזשקעס — מעשופּעדיקע, שמאָלע;
ס'לויפט מיר נאָך דער סימען פון באַגין — אַ ראָזער שטרייף פונהינטן
און אַנטקעגן, —
אַף לאַ־קומברע גייט אויף אַ טאָג — העלער וואונדער איבער בערג
און טאָלן.
.1939

# באַלאַדע וועגן אַ מענטשן אין קאַסקין

דורך נעפּל פון בערג, בלויקייט פון נאַכט,
דורך דרימל פון קוסט, שטילקייט פון שליאַך;

דורך גאָלדענעם שיין פון לעוואָניקן סנאָפּ,
ער איז געגאַן באַרג־ארויף, טיף טאָל־אַראָפּ;

געהערט דעם פּליוסק פונעם אָזיער, דעם טייך,
וואָס האָט זיך נאָך אים פאַרסווידעט געשלייכט;

פאַרנומען דעם שעפּטש פון גרעזלעך אין שלאָף,
טיף טאָל־אַראָפּ און הויך באַרג־אַרויף;

האָט געזען און געאַנט און טיף דורכגעפילט,
ווי נאַכט אין לעוואָניקן וואונדער געהילט,

צעשטילט אַף די באַרגיקע ווערסטן איר רו
און נאָענט צום לייב זי טוליעט זיך צו;

דערציילט אים פון נעכט נאָך טיפער און בלוי,
נעכט פון געזאַנג און פריידפול אַזוי;

פרײדפֿולער צאַפּל, װי אַן אומענדלעך ליד,
װאָס גיסט זיך פֿון בערג אַרײַן אין געמיט,

אין בלוט און בלויט, װי נאַכט פֿון קאָסקין
און דין, נאָך דינער פֿאַרװעבט און פֿאַרשפּינט

און שטיל, נאָך שטילער פֿאַרטײעט, פֿאַרװײט
דאָס שטאַרבנדיק לײַב אין ענדלאָזער פֿרײד.

דורך לעװאָניקן שײַן פֿון גאַלדענעם סנאָפּ
ער שטײגט אַלץ באַרג־אַרויף, טיף טאָל־אַראָפּ,

טראָגט דורכן שאָטן זײַן לעבן — זײַן װעלט,
װאָס פֿאַרגײט, װי זײַן פּאָנעם, אַ בלימל פֿאַרגעלט;

װי זײַנע דאַרע און קװאַרע בלוטלאָזע הענט,
װאָס פֿאַלן אַרונטער, װי צװײַגן פֿאַרברענט;

װי זײַן קראַנקער גוף — אַ בײמל דורך נאַכט,
װאָס ברעכט־אײַן אין װינט, פֿאַלט און קראַכט.

נאָר זײַן קאָפּ, זײַן האַרץ — צעגליט געמיט,
פֿאַרבענקט נאָכן לעצטן מענטשלעכן ליד;

פֿאַרבענקט נאָך געזאַנג, װאָס פֿאַרװיגט אױף לאַנג
אױף לעצטן טראָט אין פֿאַרגענגלעכן גאַנג.

און לעװאָניקע װעלט, לעװאָניקער שליאַך
לעשט זיך און טונקלט מיט פֿינצטערער נאַכט;

אַ פֿינצטערע נאַכט אַף בערג אויסגעשפּרייט
און גרעזל און קוסט אין שאָטן פֿאַרגייט.

אין שאָטן פֿאַרגייט זיין מענטשלעכער באַנג
און ער שטייגט אַלץ אַראָפּ אין טאָליקן גאַנג.

ער נידערט אַראָפּ, אַלץ טיפֿער אַראָפּ
מיט צעצאַפּלטן האַרץ, מיט צעפּלאַמטן קאָפּ.

די לעוואָנע הענגט, ווי זיין פּאָנעם, פֿאַרגעלט,
דורך דער נאַכט גייט אוים זיין פֿאַרבענקטע וועלט.

זיין וועלט — דאָם ליד פֿון לעבן און לוסט,
וואָס ער האָט נישט געאַנט און האָט נישט געוואוסט;

וואָס ער האָט נישט דערפֿילט אין שטילן קאָסקין
באַם אָזיער טיף־בלוי, אין באַרגיקן גרין.

דער פּליוסק פֿון פּאַרטייעט־פּאַרסוידעטן טייך
האָט זיך נאָך אים שוין נישט מער נאָכגעשלייכט.

די באַרגיקע רו האָט ער מער נישט געפֿילט,
ער אַליין — די רו, וואָס שווייגט און שטילט.

בלויז די נאַכט האָט געזונגען, געניגנט דין
דעם לעצטן גאַנג פֿון אַ מענטש אין קאָסקין.

.1939

# באַלאַדע וועגן וואַגאַבונד

פּאַמפּאַ פון אַטשאַלאַ. קילאָמעטער הונדערט נייַן.
בלוטיקט דער זונקאָפּ איבער פעלדזן און שטיין.

איבער בראָנדזענע בלאָקן און גראַניטענע ווענט
זיין שטראַלנטשופּרינע פּלאַטערט און ברענט.

קלעטערט דער אָוונט איבער באַרגיקן סטעפּ
און שאָטנס שטייגן אַף שטייניקע טרעפּ.

אַף גליאיקע שפּיצבערג, היילן און גרונט
פּלאַקערט דאָס גוירל פון וואַגאַבונד.

פון זיין פאַרשוואָלן פּאָנעם, פון שווערן קאָפּ,
די פּלאַמיקע שקיע רינט שטיל אַראָפּ.

זיינע הענט און פיס און ער אַליין
אין רויטן פלאַם, ווי פעלדז און שטיין.

די אויגן — האַלב־אָפן, אייטער און וואונד
פון איינזאַם־שטאַרבנדיקן וואַגאַבונד.

צעבונדענער קלומיק, דאָס געבעטלט ברויט,
גליט ווי פייער שאַרלעך־רויט.

פון מיירעוו צו מיזרעך, פון ראַנד צו ראַנד
הענגט דער הימל אין רויטן בראַנד.

אין רויטן בראַנד רינגאַרום און רונד
פלאַמט־אויס די וועלט פון וואַגאַבונד.

זיין וועלט — אָן היים, אָן קינד, אָן ווייב
צאַנקט־אויס מיט פיבער אין זיין לייב.

דורך פאַמפּאַ פון אַטשאַלאַ, פעלדז און שטיין
קלאָגט זיין געביין מיט פאַרשטיקט געוויין.

געוויין פון א לעבן — נויט און פיין,
וואָס איז נישט געווען און וועט נישט זיין.

געוויין פון אַ לעבן — פלייש און ביין,
וואָס צאַפּלט, ווי שקיע אין פאַרגיין.

מיט הילף און טרייסט קיינער נישט קומט,
די באַרגיקע הויך שווייגט און שטומט.

די פעלדזיקע ווייט איז גרוי און האַרט
און דער וואַגאַבונד — בלויז און שטאַרט.

דער אָוונט שפּאַנט אויף שטייניקן סטעפּ
און וויקלט די בערג אין שוואַרצן קרעפּ.

הילט־איין אין טרויער הייל און גרונט
איבערן טויטן גוף פון וואַגאַבונד.

איבערן קאַלטן גוף פון וואַגאַבונד,
ווי העפקער־לייב פון אַ העפקער־הונט.

אַ שטערן צוקט מיט בלויען בליק,
ווי קאַראַנטשאָ צירקלט הין און צוריק.

און ס'שווייגט דער סטעפּ, באַרג און שטיין
מיט נישט קיין אויסגעוויינט געוויין.

בלויז די טיפע נאַכט מיט שוואַרצן קרעפּ
פאַרוויקלט טיפער די פעלדזן־קעפּ.

1941.

# געזאַנג וועגן פּאַמפּאַ פון אַטשאַלאַ

אָ, אַטשאַלאַ, אורשטיינ״יקע פּאַמפּאַ פון ווייטן, הויכן קאָרדאָבער מיזרעך,
פּעלדזיקער ריז פון פאַרגליווערטן מאַרמאָל אין אייביקן שווייגן, —
כ׳האָב דיין הייך פון צוויי טויזנט דריי הונדערט מעטער דורכגעשניטן
און נישט געטראָפן קיין פויגל, קיין גרעזל, קייןביימל, קיין צווייגל.

אַף דיינע בראָנדזענע פלאַכן, ווי אַף דיינע הויך־האָרביקע שפּיצבערג,
ווי אין דיינע שפּאַלטן און קאַרבן, פינצטערע גרונטן און היילן, —
כ׳האָב געזען אומעטום דעם מיראַזשיקן זילבערנעם מיקאַ צעשאָטן
און דיין פאַרביקע בונטקייט, וואָס לאָזט זיך מיט וואָרט נישט דערציילן.

גראָ־מאָכיקע ראַנטשעס, דרימלענדיקע אייזלען, אויסגעקראָכענע ציגן,
קאָלירטע באָמבאַטשעס, שמאַטענע שיך, שאַלן, פּאָנטשעס, ווי פלאַמען
און אויגן, אָ, אַטשאַלאַ, מילדע און ווילדע, ווי די בערג און היילן,
אויגן — שעפּסיש און וועלפּיש, אויגן — שטילקייט און שטורעם צוזאַמען.

און צעאַקערטע שטערנס אין זאָרג פון דיינע ברוינהויטיקע קינדער,
אויסגעווייגט אין דיין האַרטן טרוקענעם שוים, אונטער ווילדער האַשגאָכע;
כ׳האָב געזען זייערע הענט, ווי פאַרלוירענע שאָף אַף ווינטיקע וועגן,
ברויט־בעטל־הענט פון אַ הונגעריקער צוועלפמיליקער מישפּאָכע.

און אף דיינע בערגיקע פּלייצעס, אף דיינע ברייטשטייניקע אַקסלען,
וואָס שטומען געהאָרביקט, ווי פּאַרצייטישע טשערעפּאַכעס, און שווייגן, —
כ'האָב געהערט דאָס געוויין, אָבער נישט דאָס געזאַנג
פון מענטשלעכע דורעס,
וואָס גייען־אויף און פאַרשווינדן, ווי אף דיר דער שניי און דער רעגן.

די ווינטער־שנייען, וואָס ציען־אָן מיט בלענדיקער ווייסקייט אף יוערסטן
און שפּרייטן לויטערע קלאָרקייט, העלער, ווי דיינע יאַנואַר־הימלען, —
זילבערנער שניי, וואָס גיסט זיך אַריין אין געמיט פון דיינע באַרגלייט
מיט אייביקן שווייגן און האָפן, מיט אייביקן טראַכטן און דרימל.

און אין אייביקן שווייגן, אין אייביקן דרימל, אין אייביקן טראַכטן,
ציען זיך אייזלען־קאַראַוואַנעס איבער דיינע שטייניקע וועגן;
דער שטויביקער טראָט־בײַ־טראָט, וואָס זאָגט־צו: ברויט, נאַפט
און אַ מאַלבעש,
זעטיקע טעג, רואיקע נעכט אפן ערדענעם קאַלטן געלעגער.

דאָס ערדענע געלעגער, אָ, אַטשאַלאַ, ווען די זון — אַ פייערדיקער ראָד,
קייקלט זיך אַראָפּ אַף דיין בראָנדזענעם קאַרק אין מיקא צעצונדן,
און אין מיליאָסן בלענדיקע פּאַרבן, גאָרנישט מיטן פּענדזל צו מאָלן, —
אַנטפּלעקט זיך די שקיע, דער אוראייביקער שפּיצבאַרגיקער וואונדער.

איבער הויכקייט, איבער ווייטקייט און לענג דער באַרגיקער
זונאונטערגאַנג
אין ראָז־רויטער לאַווע, וואָס פאַרכלינעט די פעלדזן מיט
דימענטן באַשאָטן;
די צעבליאַסקעטע גראַניטענע שטיינדלעך אין הויפנס, אין בערגלעך,
וועלכע ס'האָט קיין האַנט נישט באַרירט נאָך, וואו ס'האָט קיין פוס
נישט געטראָטן.

די צעגאָסענע גלוטיקע לאַווע, אין וועלכער ס'צאַנקען די טעג אוים
און דאָס לעבן פון דיינע זין, כאָטש דעם פלאַקער פון גורל זיי פילן,
ווי זאָט אין זייער מילדן, ווילדן בלוט — פול ראַכמאָנעס און רעציכע, —
אַזאַ בלוט, וואָס וויל מער נישט טראַכטן, וואָס וויל מער נישט דרימלען,
נישט שטילן.

וואָס־זשע וועט זיין, אַז דיין פאַרגליווערטער אינגעווייד וועט זיך
א וויג־טון,
ס'וועט אַ פלאַך־טון צאָרן און ברויז אין דיינע שטייניקע געדערים,
איניינעם מיטן שטילן, שרייענדיקן בלוט, וואָס וויל מער נישט שווייגן, —
אָ, זאָג, פּאַמפּאַ אַטשאַלאַ, ווער וועט דאַן צוימען דעם קויעך
פון שטורעם? —

ווער וועט בינדן דאָס געוויטער, וואָס כוואַליעט דורך ווילד־האַסיקע אויגן,
ווער וועט ברעכן בראָנדזענע אָרעמס, שטאַרק, ווי דיינע שטייניקע
פּלייצעס, —
אָ, האַרטע טרוקענע פעלדער, אָ, אַטשאַלאַ, דו, ברויטלאָזע פּאַמפּאַ,
ער וועט קומען, דער שטורעם, מיט זיין אָטעם און קויעך צעפּלייצטן.

אָ, פעלדזיקע, פרוכטלאָזע פּאַמפּאַ פון באַרגיקן קאָרדאָבער מיזרעך,
עקאַרבט, געהאָרביקט, מיט גריבער, מיט שפּאַלטן, מיט גרונטן,
מיט היילן, —
'האָב דורכגעשניטן די הייך, די לענג און ברייט פון דיין
שטייניקן מעהאַלעך
ון כ'וועל נאָך נישט איינמאָל דיין ווילדן וואונדער אין פערזן דערציילן.
.1941

# געזאַנג צום טייך פון די סאַוסעס

טייך פון די סאַוסעס אונטער גרינפראַנזיקע סאַוסע־ביימער פון
מינאַ קלאַוועראָ
אין ריזלדיקן גאַנג ציסטו דיין הויכן איכעס פון באַרג־גיגאַנט
קאָמעטשינגאָנעס
און איילסט אין שפיגלכליסיקן אָטעם דורך די פּאַמפּאַס אַטשאַלאַ
און פּאָטשאָ,
דורך שטייניקע באַהעלטענישן פון נאָנאָ, נידאָ דעל אַגילאַ
און לאַס קאַכאָנעס.

טייך פון די סאַוסעס, דורכזיכטיקע וואַסערן מיט שטילע
און רוישיקע כוואַליעס,
וואָס ברעכן־זיך אין וואַסערפאַלן ביז די ריזנבערג
פון טשאַמפּאַקי צופוסנס;
מיט זידיק־כליניקער פינע דו באַגעגנסט זיך מיטן ברודער־טייך
פּאַנאַהאָלמאָ
און דו ברענגסט און טראָגסט אַוועק צו די ווייטע יאַמען
די אומעטיקע גריסן

וועגן זוניקע פאַרבענקטע טעג און פון נעכט — טיף־צעשטערנט
און לעוואָניק,
איבער די צעשאָטענע שטעטלעך קוראַ בראָטשעראָ, מינאַ קלאַווערע,
סאַלסאַקאַטע;
וועגן שווערן שלוכץ פון דיינע האַרטברוסטיקע בסולע־פעלדער,
שטייניק און ברויטלאָז
און פון גאַנצן לעבן דאָ, אויך אַזוי — האַרטן, מיזערנעם און קיינמאָל זאַטן.

דיינע וואַסערן, טייך פון די סאָוסעס, איילן אין זינגענדיקע
שמאָלע סאַזשלקעס
דורך שלאַנקע פאַלמעס, דורך שטאָלצע אַלאַמאָס, דורך
צעשאָטנטע אַלגאַראָבאָס;
דיינע כוואַליעס דערציילן פאַר די לויטער־בלאָע הימלען,
פאַר זאַמדיקע שליאַכן,
וועגן פאַרשטיקטן טרויער פון גערטענער, וואָס קיינמאָל האָט מען
זיי נישט צעגראָבן.

וועגן די זעלבע וואַסערן, וואָס צעהוליען־זיך אין ווירבל־טענץ,
אין ברויזנדיקן שטורעם,
מיט רייסנדיקע ווינטן, מיט שאַרפן בליץ און דונער, מיט
רעגנגאָס און האָגל
און ביז צו די באָרוועסע פיאַטעס, ביז די נאַקעטע בייכלעך
פון דיינע קינדער,
מיט קרענק און אומקום אין די גראָע שטרויענע ראַנטשעס
זיי יאָגן זיך און טראָגן.

ווען די איינציקע האָרעוואַניע, די שפייז פיי זומער, ווינטער,
וואָך, יאָנטעוו — מאַיס,
די טרוקענע און פיסנע קערנער פאַר ווייב, פאַר קינד ביז די
פיצעלעך אין וויגל, —

פאַרשווענקט דער פּליסיקער קוויטש פון דיינע חויכע חויפנס
וואַסער־בערג צעפּלייצטע
און דער הונגער, דער הייסער הונגער קלאָגט אַרויס פון ראַנטשע,
טרערנדיק צעשריגן.

און די טאַטעס, די זין — זונפאַרברענטע באַרגלייט, מיט אָרעמס —
קופּערנע שטאַבעס,
וואָס הענגען אַראָפּ מיט פּלאָטערנדיקער שטילקייט, ווי דיינע ברעגעס
ערעוו געוויטער,
בלויז אין זייערע אַפּלען — שוואַרצע פאַקלען — צאַר און קלאָלע
געמישט אינאיינעם
און יעדעס וואָרט איז אָנגעלאָדן, בריאיקער פון די זאַמדיקע
שטאָכים צעגליטע.

יעדער בליק, ווי אַ שוואַרצער בליאַסק אַף די פאַרביקע פּיזשאַמעס
פון שטאָטישן סעניאָר,
אַף דער פרייד און וואוילטיק פון צעפרייכטע, פעטלייביקע און
בייכלנע טוריסטן;
שוואַרצער פריסיק אַף רייצנדיקן קלייד פון געקעכלטע
באַברילטע סעניאָריטעס
און זאַטן גאַלאָפּ אַף זייער הונגעריקן פערד — אַף זייער גורל,
פינצטערן און וויסטן.

יאָ, זייער אומעטיקער גורל, וואָס פּליקט דאָס אייגן לייב,
ווי קאָנדאָרשער שנאָבל
און שאַרפט די נעגל פון האַס, ווי די ציין און נעגל פונעם ווילדן
פומאַ־טיגער, —
דער צאָרן און דער האַס, דער אומעט און דער צאַר, די בענקשאַפט,
פּיין און הונגער,
וואָס וועט זיך אומגעריכט און פּלוצים ווי אַ פינצטערער וואַלד,
צערוישן און צעוויגן.

און דו, הויכאיבעסדיקער טייך, מיט דיינע שטילע, רווישיקע
קרישטאָלענע וואַסערן,
וועסט ווייטער לויפֿן דורך גריזגעטונקענע באַהעלטענישן,
דורך פֿעלדזיקע שטעגן
און וואַרטן דורך ווייטע און געדרייטע ריטשקעס, דורך די
זינגענדיקע ראָוון, —
דו זאָלסט באַגעגענען דיין ברודער פּאַנאַהאָלמאָ מיט שטורעם,
מיט האָגל, מיט רעגן.

און ווידער וועלן דיינע צעזאָטענע כוואַליעס דערגיין ביז צו די
גראָע ראַנטשעס,
ביזן טרוקענעם מאַיס און ביז די צעפּלעטשטע פּיס און
צעשפּאַלטענע פֿינגער
פֿון דיינע זין, וואָס שאָטענען איבער די שטייניקע פּליינען,
ווי שוואַרצע כמאַרעס,
אין הייסן האַס, אין גלוטיקן פּיין, אין טיפֿן אומעט, אין
אָרעמקייט און הונגער.

און דעמאָלט, אָ, טייך פֿון די סאַוסעס, אין מאָלערישן ווינקל
פֿון מינא קלאַווערע,
אויב עמיץ וועט וואַרפֿן אַ פֿונק אין די פֿינצטערע סאַוסעס
פֿון ליכטיקן צאָרן, —
וועט הויך איבער דיין גרינעם קאָפּ זיך אַ הויב־טון די שוימיקע
כוואַליע פֿון בענקשאַפֿט
אין דער שטומער פֿאַרקלעמטער דערוואַרטעניש פֿון דיינע זין,
דורך דורעס און יאָרן.

1941.

# געזאַנג וועגן דער פּאַמפּאַ פּאַטשאַ

דרימלט אַ פעלד אויף די קאָרדאָבער שליאַכן,
צעצויגן אויף מײַלן, אויף הונדערטער ווערסטן, —
דאָ האָט נאָך קײן פערד קײנמאָל נישט געקלונגען,
בלויז דער האַלקאָן און קאַראַנטשאָ דאָ נעסטן.

אַ פעלד — אַ שטיק אומעט, אַ גרויער, אַ זומער,
הינטער זוניקע הימלען, ווי נאָר אויף צעלאָכעס;
ס׳וואַרט דאָ די שטילקייט אויף מאַזאָליקער פּראַצע
איבער ברייטע פּוסטע, ווילדגראָזיקע שטאָכים.

די הרודיקע וועגן און שטײניקע שטעגלעך,
פאַרבאַקן פון יאָרן דורך היצן פון זומער, —
האָט קײן ראָד פון אַ פוּרעשן וואָגן געשניטן,
קײן פערדישער טראָט איז אַהער נישט געקומען.

די עספּינישאָס, די צעווײגטע שטעכיקע קוסטעס,
וואָס שאָרשען מיט סוידעס פון ווײַטע אַמאָלן, —
צעוואַקסן זיך ווילדער, ווי סטעפּיקער שעטער
אַזוי אויף די בערגלעך, אַזוי אין די טאָלן.

ס׳איז אײמעדיק־שטיל אויף פּאַמפּאַ פון פּאַטשאַ,
יעדער גרעזל און שטײנדל שטומט דאָ צעשוויגן;
אין בלויעניש ציט ווען פאַרבײַ אַ וואָלקן,
אין בלויעניש קרײַזט דורך אַ פויגל צעשריגן.

יאָ, דורך שטילער פאַרבענקטער זומנער פּאַמפּאַ
שנײַדט דורך דאָס ווילדע געשרײַ פון אַ פויגל,
וואָס קראַקעט און צירקלט, בלײַבט שטײן אַ רעגע
און בליקט אין דער פּוסטקייט מיט הונגער־אויגן.

פֿאַר אים פֿלעקט זיך דאָס „ווייסע גאָלד" פֿון ווייטן,
די שאָף אפֿן ווילדגראָז, טרוקן און שיטער;
ס'איז גיריק זיין בליק און שפּיציק זיין שנאָבל
איבערן שווערן קאָפּ פֿון פֿאַרשלאָפֿענעם היטער.

דער פֿאַרדרימלטער היטער אונטער פֿעלדזיקע שטיינער,
דער פֿוילער גואַסאָ, דער באַרגיקער פּויער,
וואָס טראַכט מיט זאָרג אין בלויען פֿרימאָרגן
פֿון זיין אָרעמער ראַנטשאָ, געוויקלט אין טרויער.

דאָ־אָ צווישן בערג, צווישן פֿעלדזן און טאָלן,
דאָ־אָ אַפֿן סטעפּיקן ווילדגראָז און דאָרן, —
דאָ האָט זיך זיין אויג, ווי באַגינען צעעפֿנט,
דאָ כאָלעמט ער אויס זיין טרוים פֿון יאָרן.

דאָ צייטיקט ער אויס זיין ליבשאַפֿט צום לעבן,
זיין בענקשאַפֿט, זיין טרויער, זיין האָס, זיין צאָרן;
דער האָס, וואָס יאָגט־אָן, ווי אָף בערג דער שטורעם,
די בענקשאַפֿט, וואָס בלויט, ווי בלויע קאַיאָרן.

דאָ האָט ער געפּרואווט שוין בייגן זיין רוקן,
דאָ האָבן זיין שוויים איינגעזאַפּט די שטיינער,
דאָך קיין „ווייס גאָלד" האָט ער נישט זיין אייגנס,
אַ שפּור פֿון קיין האָרן האָט דאָ נישט קיינער.

ניין, קיינער פֿון ברידער, ווי ער, איבער פּאַמפּאַ,
דאָס פֿאַרגליווערטע פֿעלד, דער שטייניקער געגנט,
וואָס גיט קיין מאָיס נישט צומאָל דורכן זומער,
וואָס קומט מיט טרוקעניש און זעלטן־ווען רעגן.

דער גואַסאָ, דער פּאָשעטער באַרגיקער פויער,
הויבט אויף זײַנע אויגן — בענקשאַפט און טרויער;
און קאַראַנטשאָ פון ווײַטן וואַרט אַליין פאַראַקשנט
מיט גיריקע בליקן אַף בלוטיקן לויער.

און פון אויבן דער הימל — אַ בלויער טעפּיך,
ווי נאָר אַף צעלאָכעס אַף סטעפּיקן באָדן
און זוניקער טאָג אַזוי לופטיק און לויטער
איבערן קאָפּ פון פּויער מיט זאָרגן באַלאָדן.

דער באַרגיקער פּויער, וואָס שווײַגט אין בענקשאַפט,
ווי פּאַמפּאַ פון פּאָטשאָ שוין טויזנטער יאָרן
און דורך הונדערטער דוירעס טראָגט ער אין בלוטן
דעם האַסיקן זשאַר און דאָס פֿײַער פון צאָרן.

דער האַס, וואָס גייט־אויף צוגלייך, ווי באַגינען
און שטעלט זיך מיט הונגער אַף שוועל פון ראַנטשאָ;
דער צאָרן, וואָס גליט און ווערט אָנגעשפּיצטער,
ווי גיריקער גלי אין בליק פון קאַראַנטשאָ.

ווי בריאיקער בליק פון צעהונגערטן גואַסאָ
אַף ברויטלאָזער פּאַמפּאַ, בלויז סטעפּ און דאָרן,
פאַרבענקט נאָכן קלאַנג פון סערפּ און פון אַקער,
נאָך זאַנגיקן גאָלד פון ווייצן און קאָרן.

און פּאַמפּאַ פון פּאָטשאָ — אַ גרויער שטיק אומעט,
צעצויגן אַף מײַלן שווײַגט אַליין און דרימלט
און ס'רײַפט זיך דער האַס, ס'צײַטיקט דער צאָרן
הינטער זוניקן בלוי פון קאָרדאָבער הימל.

1941

# אַ ליד אין די בערג

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
מיט מער אַ טרער אומעט און ווייניקער פרייד;
מיט מער עלנט באַם טיש און מיט ווייניקער זעט,
מיט מער דאָרשט נאָך אַ פרוי, אַ קוש און אַ גלעט.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
איך בין דאָך נישט מער, ווי א קלונג פון א קייט,
געשמידט פון אַ דאָר, וואָס געווען און וועט זיין
מיט אומרו אין בלוט און מיט האַס צווישן ציין.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
כ׳וועל אַף פויק נישט פאַרבייטן מיין לירישע פלייט
און נישט בוקן, נישט בייגן מיין קאָפּ פאַרן האַר,
פאַר רו און פאַר וואווילטיק, פאַר גליקלעכן סכאַר.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
מיין טראָט איז אַנטפלעקונג, מיין שפּאַן איז באַשייד,
ווייל איך פיל דעם זין און דעם ציל פון מיין וועלט,
וואָס בלויט, ווי קאַיאָר אין מיין דאָרפיש געצעלט.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
כ׳האָב זוניקע הענט, וואָס זענען שטענדיק גרייט,
סיי צאָרנדיק וואַרגן און סיי צערטלען צאַרט
און שמייכלען צום גורל, ווי שטיין אַזוי האַרט.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
כ׳בין שטאָטיש־נעט און דאָרפיש־פאַרשייט,
אָן קומער, וואָס געווען, אָן זאָרג, וואָס וועט זיין
און קוק אומדערשראָקן אין מאָרגן אריין.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
איך שלייף־אויס א העלן פערז פאר מיין צייט,
וואָס זאָגט מיר „גוט־מאָרגן" און כ׳ענטפער: „גוט־יאָר"
און לעב מיין כאלעם אַף דער ליכטיקער וואָר.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
איך ליג צווישן בערג, צווישן דאָרן און קווייט,
מיט אויגן — פאַרגראָבן אין הימלישן בלוי
און כ׳טרינק־אָן מיין געמיט מיט גראָזיקן טוי.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
מיין שאָכן — דער פעלדז, פאַרשטייט מיך אָן רייד
און דער בוים — אַ פריינט, ווערט נאָענט מיר גלייך,
ווי דאָס וואַסער צום לייב פון לויטערן טייך.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
כ׳גיב אַ פייף און אַ רוף אין דער פעלדזיקער ווייט
און ס׳ענטפערט מיר אָפּ דער באַרג טשאַמפאַקי
אַזש ביז צו די אַגדן אין שנייאיקן גלי.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
אַ דייגע, דער ווינט מיינע האָר האָט צעווייט;
אַ דייגע, די זון האָט געבראָטן ביזן ביין,
צעשטאָכן די פינגער מיט שפּיציקן שטיין.

זאָל עס גיין, זאָל עס גיין, ווי ס׳גייט,
מיט מער א טראָפּ אומעט און ווייניקער פרייד, —
איך בין דאָך נישט מער, ווי אַ שפּראָץ פון אַ דאָר,
וואָס זוניקט זיין טרוים אַף דער ליכטיקער וואָר.

1941

# מיין זינגענדיקער טאַטע

דו, טאַטע, ביסט געווען אַ באַלמענאַגן,
אַ צעווייקטער זינגענדיקער איד, —
האָסטו דיין וועלט אין טענער אויסגעטראָגן,
ווי דיין זון אין פערזן פון זיין ליד.

האָסט געמאָסטן די גאמעס און זיי געוואויגן
אַף דער וואָגשאָל פון דיין גרוי געמיט;
דער אומעט און די פיין פון דיינע אויגן
אין דיין ווייכער שטים האָט טיף געגליט.

ביסט געשטאַנען אַלע יאָרן באַ דעם אָמער
און געבראַכט פאַר גאָט די פרעמדע נויט, —
כאָטש דו אַליין — אַ פאַרפיינטער טאָמיר,
דו אַליין פון זאָרגן סיוו, צעגרויט.

מיט ניגנדלעך דורך פוגעס און פאַלצעטן,
מיט זאָגעכצן פון לירישן געוויין, —
דו האָסט פאַר אַלע שיל־אידן געבעטן,
אָבער קיינמאָל נישט פאַר זיך אַליין.

און נישט פּאָר טפילנקעס און טילים־אידן,
מיט פייעס געקרייזלטע, געדרייט, —
נאָר פּאָר רויטע בערד פון קאַצאָווים, שמידן
און פּאָר שוסטער־שניידערישע לייט.

פּאָר וואָכעדיקע טעפּ פון בידנע הייזער,
הונגעריקע טישן, פּיסנע ברויט, —
האָסט געגלויבט מיט נעגינע צו דערלייזן
שטעטלדיקע אָרעמקייט און נויט.

האָסט געגלויבט מיט טפילעס און געזאַנגען
וועסטו צעשלאָגן כמאַרעדיקע פּיין,
ווי כ׳טראַכט דיין זון: די ווייטע זון דערלאַנגען
און באַפּלייצן גאָרע וועלט מיט שיין...

דו האָסט ביטאָכן באַ דיינע פּראָסטע אידן
שטיל געוועקט מיט זינגענדיקער טרייסט — — —
אָבער די רויטבערדיקע קאַצאָווים, שמידן
האָבן דיך און מיט דער שיל פּאַרלאָזט.

די נייע יאָרן, די ברויזנדיקע צייטן
האָבן אויפגעפלאַמט מיט ניי געזאַנג — — —
אָבער דו האָסט נישט געקענט פּאַרבייטן
דיין קאַמערטאָן אַף האַמער און אַף צוואַנג.

דיינע געמאָרע־הענט און כומעשדיקע פינגער,
ווי צווייגלעך האָבן אָפּגעדאַרט פון קעלט — — —
דיך, באַלמענאַגן, טאַטע מיינער, זינגער,
אונטערגאַנג האָט דערמאָלט דיך באַשוועלט.

ביסט צערינען ווי קעגן ליכט אַ שאָטן
איניינעם מיטן גלויביקן געפיל;
ס׳האָבן אויסגעפלאַמט דיינע ביכער נאָטן
איניינעם מיטן אָמעד אין דער שיל. — —
— — — — — — — — — — — — — —

און איצטער־אָ, מיין זינגענדיקער טאַטע,
כ׳זע מיך אין דיין גוירלדיקן גאַנג;
אויך איך וואָלט וועלן איצטער איבערבייטן
דאָס ליד מיינס אַף האַמערדיקן קלאַנג.

אַנטקעגן רויש און אָטעם פון מאַשינעס
פאַרוואָס וועלכט דער ריטם פון מיין ליד? —
ווער דאַרף איצט דען די לירישע ניגונים,
דעם זינגענדיקן קרעכץ פון מיין געמיט? —

אין שטורעם־טעג אין טעג פון איבערבויען
דעם פוילן זרוב און אלטן פונדאַמענט, —
כ׳וואָלט וועלן האָבן אָרעמס שווערע, בלייאיק,
כ׳וואָלט וועלן — בראָנזיק - שטאַרקע הענט.

אָבער מיינע הענט, ווי דיינע, טאַטע מיינער,
ווי סטרונעס צווייַ דורכגעפוילטע בלויז,
וואָס ציטערן נאָך מיט וואָיענדיקע טענער,
און לעשן זיך צאַנקענדיקע אויס.

ווי מיינע הענט, אַזוי אויך מיינע לידער,
זיי שטאַרבן־אָפּ אין מיין אייגן בלוט;
ווי דיינע טפילעס פאַר די שניידער, שמידן,
אויך אַזוי דאָס גוירל פון מיין ליד.

1937

# ליד צו מיינע הענט

וואָס זאָל איך טון מיט מיינע הענט, וואָס דרימלען אַף מיינע ווייכע קניעס,
פאַרבענקטע צו אַזאַ געזאַנג, וואָס זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהערט;
וואָס זאָל איך טון מיט מיינע הענט, וואָס בעטן זיך צו פּראַצעדיקע מיען,
צו דער האַק, צום האַמער, צו אייזן און שטיין, צו דער רויער ערד.

וואָס זאָל איך טון מיט מיינע הענט, וואָס הענגען, ווי דערשטיקטע
אַף אַ טליע,
הענט, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געבלעטערט געמאָרעס און טאַנאַכן, —
זיי בעטן זיך דורך פּראָסטער וואָכעדיקער האָרעוואַניע אַ טיקן און אַליע,
ס׳זאָל דאָס גאַנצע לעבן מיינס אין צעזונגענער פרייד דערוואַכן.

כ׳גיי אום אין שטאָט און זאַפּ־איין דעם זינגענדיקן ריטם פון פאַבריקן,
לידער, וואָס צעגיסן זיך אין מיר, ווי שיקרעס ביז מיינע פּיס זיך ברעכן;
פלאַטערט־אויף אין מיר אַזאַ האַס מיט טויזנט הענט אים נישט צו שטיקן,
צאַפּלט אין מיר אַ טיפע ליבשאַפט פון אַלע אין דער וועלט — העבער!

כ׳קוק אַף מיינע הענט און זע דאָס גורל מיינס פייערדיק געבאַסמעט,
יענע טראַגיק פון מיין פאָטער, פון מיין זיידן און פון אַלע מיינע דורעס;
כ׳הער דאָס שניידיקע געקלאַג פון אָוועס, וואָס ציט זיך, ווי אַ
שוואַרצע טאַשמע
דורך מיין וועלט, וואָס בייגט זיך צו מיין קאָפּ קאַלט און מאָרעשכוירעק.

כ׳האָב מײנע הענט שױן געטראָגן אַפּן מאַרק און זײ געפּרואװט פֿאַרקױפֿן,
כ׳האָב זײ אָנגעבאָטן בילִיק, װי ס׳טוען דאָס מײנע ברידער
אין זײערע נױטן, —
מיר זענען דאָך װײט פֿון יעדער מין האַסאָגע צו הוליען און צו זױפֿן,
פֿון אונדזערע הענט סטײעט דאָך בלױז אַף אַ פּיסנעם קאָרנברױטל.

װאָסזשע זאָל איך טון, אַז איך קען צו מאַשינען־רעדער נישט דערלאַנגען,
אַז קורץ זענען מײנע הענט און אַפֿילע צום האַמער קענען זײ נישט גרײכן;
װאָס זאָל איך טון, אַז מיר איז פֿרעמד די הובלעס, די דלאָטעס,
די צװאַנגען
און אַז דער װערקשטאַט שטײט פֿאַר מיר פֿאַרשלאָסן, װי אַ הײכל.

מײנע הענט האַסן שױן דאָס שרײב־געצײג, דאָס פּאַפּיר, די טינט און פּעדער,
זײ װילן זיך באַפֿרײען פֿון דער פֿילער רו אַף די װײנענדיקע שױסן;
זײ רײסן זיך צום הילכיקן גערױש פֿון שנעלע שװינדלענדיקע רעדער,
כאָטש זײ קענען דעם װײ פֿון אַרבעטס־הענט, װאָס מאַטערן זיך און גױסן.

װאַקסט אין מיר אַזאַ קינע צו שװערע מאַזאָלירטע הענט, װי פּרענטעס,
מײן בליק שנײדט זיך אײן אין זײ דאָרשטיק, שפּיציק, פֿלאַמיק, —
כ׳בענק צום רױען פּאָשעטן ליד פֿון אַרבעט און װי זאָל איך זי דערקענען,
אַז דאָס בלוט זאָל אױפֿזינגען אין מיר מיטן פּראָלעטאַר צוזאַמען.

װאָס זאָל איך טון מיט מײנע הענט װאס רוען, װאָס דרימלען און װיאַנען,
פֿאַרװיגטע אין אַ בענקעניש אַזאַ נאָך אַ געזאַנג קײנמאָל־נישט געהערטן;
פֿון מײנע פֿינגער רינט דאָס געװײן פֿון מײנע דױרעס — לעװיאים, קױהאַנים
און גלײך אין אױג אַרײן שפּיצט דאָס גורל מײנס מיט פֿײערדיקע פֿױסטן.

1936

# ליד צו מיין גוף

מיין גוף, דעם אויסגעקעכלטן, דעם אויסגערוטן און פול־זאַטן,
אונטער בלוי הימלען, אין בלויע אָוונטן, זינגענדיק צעוואַקלט, —
צי זאָל איך אים בענטשן, צי זאָל איך אים שעלטן אין פלאַטער
פון הייסער גוירל־שאָ, אין די שאָען פון בלוטיקן סאַכאַקל.

כ׳קוק אַף אים: אַ פּאַכדן, מיט טיף־פאַרבאָרגענער האָזענער מוירע,
פאַרשטעקט אין זיכערער באַהעלטעניש פון ווייטער אָפּשיין־סרייפע;
כ׳קוק אַף אים: אַ מאַשקן, וועל איך געבן כעשבן פאַר זיין גוירל,
פאַר זיין שאָדן — גאָט באָרעכהו, צי עפּשער גאָר דעם טייוול...

אין פרימאָרגנס טראָג איך אים אַ לייכטן דורך גאַסנדיקע פריידן,
אין כמאַריקע נעכט שלעפּ איך אים דורך וואַרגנדיקן אומעט;
כ׳טראָג אים העפקערדיק און אָנגעגרייט צו דאַנטעס ליידן, —
איך האַרטעווע ווי שטאָל אים צו יעדע פּיין, וואָס וועט קומען.

אין זומער־טעג כ׳טרונק אים אָן מיט זון, ווי מיט וויינ־געטראַנקען,
לעש זיין דאָרשט מיט ווינטן, מיט כוואַליעס פונעם טייך לאַ פּלאַטאַ;
כ׳קוק אַף אים און טראַכט: ער, ווען ער זאָל קענען, וואָלט ער דאַנקען
מיר פאַרן כעסעד, וואָס איך טו מיט אים אין די שטורעמדיקע צייטן.

צומאָל, באַנאַכט, איך פאַרנעם, ווי ס׳קריגן זיך אַלע זיינע גלידער,
די פיס, זיי וואָלטן לויפן; זיך אַ לאָז־טון, ווי די הירשן וואָלטן וועלן
איבער ווייטע גרענעצן צו מיינע בלוטנדיקע, שטאַרבנדיקע ברידער
און אַרויפאַלן מיט צאָרן אַף צעגלאַנצטע העק איבער זייערע שוועלן.

מיינע הענט, זיי שרייען, קלאָגן, שלאָגן זיך איינע מיט דער צווייטער,
זענען אָנגעצונדן רויט, ווי צורעם מיט דער בלוטיקסטער רעציכע, —
זיי וואָלטן ברעכן ווענט און מויער, וואָלטן ראַצבענען, וואָלטן טייטן,
זיי וואָלטן, גאָט ווייסט, וואָס געטון אין זייער העפקערדיקער שליכעס.

נאָר איך אַליין, כ׳קוק־צו מיט אַנגסט, ווי ס׳קריגן זיך מיינע גלידער,
ביז טיפער נאַכט אַריין פאַרנעם איך זייער געראַנגלדיקן טומל;
שפעטער צאַפלט מיין גוף אַ פאַרסאַפעטער, צעבראַסטעטער און מידער,
בעט אַ רעגע רו, ווי איינער, וואָס איז פון לאַנגער וואָגלעניש געקומען.

איך באַטראַכט אים, ווי ער רוט אַף מיין געלעגער, ווייס־צעבלאַנקטן,
און מאָרגן וועט ער טרינקען זון, שלינגען בלויע לופט און וואַסער, —
ווייס איך נישט, צי זאָל איך בענטשן אים און ווענען פאַר אים דאַנקען,
צי זאָל איך שעלטן זיין געביין, צי זאָל איך אים אַף אייביק האַסן.

אַז ער רייצט מיין אויג, ווי אַ פאַכדן אין די־אָ אומרו־טעג, מעהומע
און וויגט זיך זאָרגלאָז אין פרימאָרגנס דורך גאַסנדיקע פריידן, —
כאָטש צו דאַנטעם ליידן איז ער גרייט און וועט אויך גרייט זיין טאָמיד,
זיינע גלידער וועט די הייסטע גורל־שאָ זיכער נישט פאַרמיידן.

1939

# מײַן טיש, מײַן בעט און מײַן באַנק...

דאַכט זיך: בלויז אַ בעט — און ס'רעדט צו מיר און טײַנעט
יעדן אינדערפֿרי צווישן די אײגענע פֿיר ווענט:
אַ גרעזל וויל דאָך אויכעט לעבן אַפֿילו הינטער שטײנער
און רײַסט זיך צו דער זון מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

און ס'טישל מײַנס, ס'הילצערנע, צעבויגן און צעשעדיקט,
טוט זיך אַ צעוואַקל אַף די הינקענדיקע פֿיס:
לעבן? — פֿאַרשטײט זיך! וואָס דאַרף מען לאַנג דען רעדן? —
ווער ווײסט נישט, אַז צו לעבן איז גוט אַזוי און זיס!

און אַפֿילו אויך דאָס בענקל, פֿאַריאָסעמט אין אַ ווינקל,
טוט פֿאָרויס אַ רוק זיך און זאָגט־אָפּ קורץ און קלאָר:
דאָס לעבן? — אַ בוטל ווײַן, נאָר צו זופּן, נאָר צו טרינקען
און טאַקע ביזן דנאָ, ביז הונדערט צוואָנציק יאָר! —

און מײַנע ווענט, פֿיר ווענט, ווי פֿיר הויכע שוואַרצע נאָנעס,
וואָס יאָרנלאַנג אין אומעט וואַכן איבער מיר, —
זײ שאָקלען מיט די קעפּ צו, מיט שמײכל אַפֿן פּאָנעם,
ווי מאַמעס, ווי טאַטעס, ווי שוועסטער, ברידער פֿיר.

און דאָס פינצטער פענצטערל מיטן האַלבן ברודיק שייבל,
ווי אַ פאַרבעלמעט אייגל פון אַ העפקער־קינד, —
בליצט אין העלן פינקל, אַז ס׳איז פּאָשעט נישט צו גלייבן
און זון, אַזויפיל זון רינט דערפון און רינט.

און אַרום מיר — טאָג, העלער טאָג, גרוים שוין אויסגעבראָכן,
אַ צעלייטערטער שטיק הימל בלויט אַריין דורך טיר;
דאָס פייגעלע אין שטייגל פון אונטן באַ מיין שאָכן
שפּרינגט שוין אויך און פרייט זיך, פישטשעט: דאָ־רע־מי.

און דער דרויסן רוישט און טומלט, דאָס שטאָטישע גערודער,
וואָס קוואַלט צו מיר אַרויף מיט גאַסיקן געשריי, —
דאַכט זיך, אַז ער זינגט און ריטמט, פלייצט מיט העלע לידער,
מיט קלאַנגפולע גאַמעס און טענער אַלערליי.

און דאָס שטיל פאַרייזאַמט בענקל, דאָס הינקענדיקע טישל,
זיי רוקן זיך צונויף צום בעט — צו מיינע פיס;
דאַכט זיך: זיי פאַרפלעכטן זיך, זיי האַלדזן זיך און קושן,
אַז זיי וועלן אין אַ טאַנץ זיך פאַרגיין געוויס.

בלויז איך, אַ מענטש מיט פלייש און בלוט, מיט לעבעדיקע בושים,
מיט זאַפט אין די גלידער, מיט מאַרך אין מיין געביין,
כ׳הער אוים די רייד, די וואָרע רייד און רויטל זיך פון בושע,
כ׳ליג און שוויג און שטום און בליק און גאַף און שטוין.

כ׳ליג גוילעמדיק פאַרטראָגן, פאַרשטאַרט און פאַרטייעט,
מיט אָפּגענומענע לאָשן, מיט אָפּגעליימטער צונג;
בלויז פאַר די אויגן איילן רעדער, רעדער — רינגען פייער,
אַלע מיינע יאָרן — אַ פלאַמענדיקער רינג.

און אין פֿייערדיקן רינג דאָס בענקל און דאָס טישל,
דרייען זיך אין טאַנץ הינטער ליכטיקע פֿיר ווענט, —
אַז פֿון בעט שפּרינגט אַראָפּ אין פֿרייד די קאָלדרע, דאָס קישן
און אַפֿילו פֿון מיין לייב רייסט זיך אויך דאָס העמד.

און ס'ווילן אויך אַראָפּ פֿון מיר מיין הויט און מיינע גלידער,
פֿאַרפֿלעכטן זיך אין טאַנץ, ווי טישל און ווי באַנק, —
אַז ס'זאָל פֿול ווערן מיין צימער מיט כוואַליענדיקע לידער,
מיט וואָרט פֿון נייער וואָר און באַנייט געזאַנג.

אָבער איך ליג אַליין און שטויין מיט אויגן אויפֿגעריסן
צום זוניקן פֿענצטערל אין העלנדיקן שיין;
כ'בליק און בלייך אין רויטל זיך פֿאַר בענקל און פֿאַר טישל,
פֿאַר די אייגענע פֿיר ווענט און פֿאַר מיר אַליין... — — —

דאַכט זיך: בלויז אַ בעט — און ס'רעדט צו מיר און טיינעט
יעדן באַגינען צווישן אייגענע פֿיר ווענט:
אַ גרעזל וויל דאָך אויכעט לעבן אַפֿילו הינטער שטיינער
און רייסט זיך צו דער זון מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

1937

# אונדזער היים און אונדזער וועלט

אונדזער היים און אונדזער וועלט גייט־אויף צוזאַמען רעגנבויגנפאַרביק
און שטראַלט ארויס פון אונדזער אויג צעגליט;
די וואָכן לייגן זיך אונטער אונדז ווי זוניק־זאַנגענדיקע גאַרבן
און די טעג ווי קערנדלעך, ווי רייפנדיקער צוויט.

אונדזער היים און אונדזער וועלט שפּילט־אויף צוזאַמען מיט טויזנט פלייטן,
ס'פּראַלט אַרויס פון אונדז אַ שעפע ליד און לויב;
אַלע אַלטע זשאַווערנדיקע טרויערן מיר דערשטיקן און צעטרעטן,
ווי דינע גרודקעלעך, ווי זעמדלדיקן שטויב.

אַלע כושים אונדזערע צאַפּלען־אויף דאַן און אָטעמען מיט לעבן,
די גלידער צעזונגען זיך, צעשפּרייזטע אַף דער ערד;
ס'שרייט אַרויס באַגער און דראַנג צו שטייגן, זיך צו דערהייבן,
דערפילן זיסן טאַם פון זייַן, פון זין און ווערט.

דורך אַלע לעבנס־לאַבירינטן פון וועלט, מיר גאַרן דאַן צו שפּאַנען
און האַפּערדיק, מיט פעסטע מונטערדיקע טריט;
אונדזער גרויסע פרייד, וואָס לעבט און איז אין אונדז פאַראַנען,
קוואַלט און רינט פון לויטער־ליכטיקן געמיט.

מיר קאָנען נישט פאַרטראָגן דאַן קיין גרענעצן, קיין צוימען,
ס'ווערט פלוצים ברייט און היימיש די גאַנצע גאָרע וועלט;
און פונקט ווי דער אָדלער אין פלי צו די ווייטע בלויע רוימען,
מיר פאַרגעסן אין אונדזער ערדישן געצעלט.

מיר קאָנען דאַן נישט כעשבענען, מיר קאָנען דאַן נישט ציילן,
געדענקען נישט דעם אָנהויב, ווייסן נישט דעם סאָף,
אַזויפיל וואָרט איז דאָ אין מויל — דאָך גאָרנישט צו דערציילן,
ווי מיר וואָלטן זיך געוויגט אין א כאָלעמדיקן שלאָף...

מיר הערן נישט דעם לעצטן קלאַנג פון די ענדלעכע איינסאָפן,
יענער לעצטער גאַנג, וואָס שניידט זיך ווי אַ שווערד;
מיר זענען גלייביק, ווי די זקיינים און ווי די קינדער — האָפן,
אַז ס'איז אַ זוניק וויג אונדזער שטיינערדיקע ערד...

אָבער ווען די ניכטערקייט יאָגט־אָן, ווי דער גרויער אינדערוואָכן,
און מיט קעפ צעשויבערטע מיר גלאַצן קעגן טאָג, —
דערפילן מיר מי און מאַטער אין אונדזער גאַנצן לייב און קנאָכן,
צו אונדזער אומעט דאַן נישטאָ קיין מאָס און וואָג.

איז דעמאָלט גאָר קיין טרייסט נישטאָ צו אונדזער וואָרן מאָרגן,
וואָס בליט אויף אַף אונדזער באַק ווי אַ געלער פלעק;
צוריק איינגעשפּאַנט אין יאָכן, צוריק באַלאָדענע מיט זאָרגן,
ווי קופּערנע מאַטבייעס מיר ציילן אונדזערע טעג.

און אונדזער היים, אונדזער וועלט פאַרגייט אַף שוועל און ראָגעס,
ווי דאָס עלנטע געוואָי פון היימלאָז־קראַנקע הינט — — — —
און דעמאָלט גראָד ברייט די צונג, ס'איז אַזויפיל דאָ צו זאָגן,
אָבער אונדזער וואָרט, ווי שטויב, טראָגט אַוועק דער ווינט.

צענאָגט זיך טיפע בענקעניש אין אויפגעטייעט־הייסע בלוטן,
מיר ציען זיך ווי קינדער מיט אויסגעשטרעקטע הענט;
אונדזער גוף גייט־אויף מיט ווײ, ווי וואונד פון טויזנט שניטן
און ס'דאַכט זיך דאַן: אַזוי־אָ איז שוין די ענד!..

ס׳וואָלקנט זיך פאַר אונדזער בליק אַלע הימלען־האָריזאָנטן
און פייערדיקע קלאַנג פלאַמט פון גוף אַרויס;
מיר וויקלען זיך אין לאַנגע נעכט, שווערע שוואַרץ־באַפּאָנטע
און ס׳זוכט דער קאָפּ אַ טרייסטנדיקע שוים.

ס׳גייען אויף אין אונדז פיל־סטרונעק ווייענדיקע פידלען,
ווי לעווייעס וואָלטן ציען זיך דורך אונדזער בלוט;
ס׳דאַכט זיך: וועלט איז קוואורעדיק אין אויפגעקלאַנג פון רידלען
און ס׳איז עפּעס אַזוי פיינלעך, עפּעס אַזאַ שאָד...

ס׳איז עפּעס אַזוי וויטיקדיק, ס׳איז עפּעס אַזוי בריאיק,
ווי אָפּן האַרץ וואָלט ליגן גלוטיק־הייסער זשאַר — — —
מיר צינדן דאַן די לעצטע שנויצן פלאַקערנדיק און גליאיק,
ליכטיק צו באַהעלן דעם לעצטן וועג פון צאַר.

1936

# צווישן גרויע טאָוולען..!

צווישן גרויע טאָוולען פון מויער,
הינטער הויכע שטומע פיר ווענט, —
מיר האָבן זיך אין שרעק, אין לויער
פאַרהיימישט און נאָענט דערקענט.

דיין אויג האָט געבליט מיט צאָרן,
צאָרן, וואָס גליט און וואָס ברענט;
צאָרן פון דרייצענטליק יאָרן
אַף יונגע געבונדענע הענט.

אין האַרטן פאַרקאָוועטן שווייגן,
דורך נעכט אין פיין און אין קנוט, —
האָסט מיך, ווי אַ קינד, אָנגעזויגן
מיט האָפן, מיט גלויבן, מיט מוט.

דיין וואָרט האָט געגלעט, געוואַרעמט,
ווי מוטערלעך לייב, אַזוי הייס:
— „ס'האָט אונדז, ברודער, איין גורל געאָרעמט,
דאָס גורל, וואס לייטערט אונדז אויס — — —"

דיין רויטהאָריקער קאָפּ אין פלאַמען,
צעפּאַטלטע פּאַסמעס פון בראַנדז, —
אַף די ווענט, די שוואַרצע פון קאַמער,
זיי האָבן מעטורעף געטאַנצט.

אין גאָלדענעם טאָג פון שפּעטזומער,
מיט בענקשאַפט צו היים און צו ווייב, —
האָסט געלאָשן דיין ליכטיקן אומעט
אין דיין יונגן פאַרוואָגלטן לייב.

בלויז אַ ניגן אַ ווייכן פאַרצויגן
און אַף אַ ווייל טיף זיך פאַרטראַכט — — — —
און טייקעף — ס׳לייכטן די אויגן,
ווי העלע לעוואָנעס דורך נאַכט.

אַ קנייטש מיטן שטערן, א שמייכל
אַף וואַקסענעם פּאָנעם צערינט:
— „נו, ברודער, אַנטשולדיק, זיי מויכל — — — —
ער, סאַראַ דרויסן אַצינד!

שטענדיק אין אַזעלכע דרויסנס,
מיט ליכט אַף יענער זייט שלאָס, —
זיי לאָזן דאָס בלוט מיינס נישט גויסען
אין בענקשאַפט צו ליכטיקער גאַס.

זיי פּלייצן מיך אָן מיט אַ גלויבן,
פאַרשמידן מיט שטאָל יעדן גליד;
געלייטערט אין פּיין זיך דערהויבן,
מיט זוניק געזאַנג און מיט ליד — — — —"

צווישן שוואַרצע ווענט פון לויער,
דורך נעכט מיט האָפן און מוט,
ועט קלאָרע פרייד זיין דיין טרויער, —
רויטהאָריקער ברודער, סאַלוט!

1937

# אין דראַנג ערעוו טאָגן

וואָס קען איך, אַ כאַוועֶר, ווי דו, דיר איצטער זאָגן,
ווען מיר שטייען ביידע אין שטילקייט ערעוו טאָגן
און מיר פילן אין די בלוטן די ריזלענדיקע טויען,
די בענקשאַפט, אַז די הימלען זאָלן נעמען בלויען.

גענוג, אַז מיר זענען ווייט פון די ווייענדיקע ראָבן,
וואָס האָבן די אייגענע, די פרעמדע וועלט באַגראָבן.
ס'איז גוט, ווייל מיטן ערשטן שפּראָץ, מיטן ערשטן העלן
בליאַסק אַף טאָג, ווי שאָטנס, וועלן זיי אַוועק פון שוועלן.

די האָפענונגן, וואס הערט נישט אויף צו שטייגן און יערן,
די געזונטע נייע טריט אין וועלטן נייע צו דערהערן, —
איז דאָך פרייידיקער, ווי דאָס קלאָג־ליד פון מעקויינעס,
איז דאָך וואָרהאַפטיקער, ווי דאָס פאַלשע קאָל פון סוינעס.

ס'איז גוט, ווייל מיר שפּרייזן איינגעשפּאַנט אין יאָכן
באַגלייך מיט פעלקער, וועמענס גורל איז — ביטאָכן;
און ביטאָכן — דער קאַמף מיט פּאָנעם רוי און אָפן
איבער יעדן האַרטן שטרויכל אַף די וועגן אָנגעטראָפן.

ס'איז גוט, וואָס הינטער אונדז איז די נאַכט צעדרונגען,
די נאַכט, וואָס האָט געפּייניקט אונדזער גוף און זינען;
און שפּעטער, די ליידערונג, האָט ביידן אונדז דערהויבן
צום קלאָרסטן וועג פון טיפסטער האָפענונג און גלויבן.

צו אונדזער וועג — דעמזועלביקן פון פעלקער און ראַסן:
וועמען בענטשן, וועמען שעלטן, וועמען ליבן, וועמען האַסן
אין יאָרן און דורך דורות, וואָס פורעמען און שאַפן
דעם טאָך פון אונדזער קיום, דעם ציל פון גרויסן האָפן.

און דער סוינע אונטערן רוקן, פאָרויס פאַר די אויגן,
וואָס האַלט נאָך אַליץ געשפּאַנט זיין שאַרף־געצילטן בויגן
אין די לעצטע שרויטיקע פאַרמעסטן און בלוטיקע געוועטן
אינגאַנצן אונדז צו ברעכן, אינגאַנצן אונדז צעטרעטן, —

וועט בלייבן מיט זיין גיפטיק שוים — פלאַם אַף די ליפּן
און מיט זיינע פינגער וועט ער שלייפן, וועט ער קניפּן
אין יענעם, אין אונדזעריקן, אין בעשבן־טאָג — אַליין
דעם וואַרגנדיקן טליע־שטריק פאַר זיין הינטישן געביין.

עס וועט אַ פאַל־טון אין יענעם גרויסן טאָג, אין פרייען
אַ ברודער צו ברודער, דאָס לעבן זייערס צו באַנייען — — —
וואָס ווילסטו, כאַוועך מיינער, איך זאָל דיר איצטער זאָגן,
ווען מיר שטייען ביידע אין הייסן דראַנג פון ערעוו טאָגן.

# ליד אין האַרבסט

אַזוי צי אַזוי און ס'האַרבסטיקט זיך אינדרויסן,
ס'פאַלט אַ בלעטל אָפּגעדאַרט און געל;
נאָר איך אַליין — איך טוליע נאָך צום האַרצן,
כ'וואַרעם אין מיין בלוט אַ פרילינגדיקע וועלט.

די ווינטן שרעקן מיך מיט אומעטיקער מינכע,
מיט שקיע פונעם זומער, לאַנג פאַרבליט;
נאָר איך אַליין — איך טראָג נאָך אין מיין אומרו
מיין נישט־געזונגען שאַכרים־בלויע ליד.

און אומרואיק אַזוי, אין פרימאָרגנדיקן כאָלעם,
כ'שפּאַן אַדורך מיין סומנע מעטראָפּאָל,
און גלויב, אַז עמיץ מיין באַגינענדיקע שירע,
הערט דורך האַרטן בראַזג פון אייזן און פון שטאָל.

איך גלויב, אַז עמיץ נאָך אין לויטערע קאַיאָרן,
וועבט זיין כאָלעם אויס אין ליכטיקן געזאַנג, —
אַז ס'איז דער האַרבסט אַ שטרויכל בלויז, אַ שאָטן
אין וועלטיש־מענטשלעך גווירלדיקן גאַנג.

מיר דאַכט, דער ווינט, איילט מיט זינגענדיקן אָטעם,
כאָטש ער הייבט דאָס זומערגאָלד אין כמאַרעם ווייט;
נאָר איך, אַ מונטערער, מיט קנאָספּיק לייב־און־לעבן,
שפּריין מיט הויכע טריט, מיט לויטערן באַשייד.

קומען מיר אַנטקעגן ביימלעך, אָוולדיק און נאַקעט,
מיט צווייגן — אָרעמס, פאַרבראָכענע אין לייד, —
באַגריס איך זיי, ווי באַצאַרטע לעבעדיקע וועזנס
און הויך אין זיי אַריין מיין אינערלעכע פרייד.

און כ׳זאָג צו זיי, ווי כ׳זאָג צו מיינע ברידער:
זעט די אויגן מיינע, פּולבלוי און אויפגעהעלט,
ווייל איך שפּרייז אַ גליקלעכער דורך אָסיען־אומעט
„גוט־מאָרגן״ זאָגן דער זינגענדיקער וועלט.

שעפּטשעט קוים צו מיר אַן אָפּגעוויאַנעט גרעזל,
ווי כליפּ נאָך כליפּ פון אַן עלנט קינד:
אָ, שטאַרק זיך, קינד מיינס, אין דיין צעבריטן ווייטיק,
הער זיך איין, ווי איך, צום זינגענדיקן ווינט.

הערט זיך איין, אומעטיקע ביימער, ברידער מיינע,
צום גרויסן ליד, וואָס שלאָגט־אויף, ווי אַ קוואַל,
פון אונטער ערד־פּלאַך, טרויעריק, פאַרוואָגלט
און רייסט זיך, ווי דורך כמאַרעס, העלער שטראַל.

ווייל דורך שטורעמדיקע נעכט, שרעק און אומקום,
בלייבט דער זוימען גאַנץ און אָפּגעהיט;
דער מאָרגן ליכטיקט ווידער זון־פאַרכלינעט,
ווידער פּיקט זיך אויס דער ווייסער צוויט.

ווידער פּלייצט דאָס גאָלד אַף בוים און צווייגן
און פאַרפולט דאָס האַרץ מיט בלוים און גרינס, —
אָ, הערט זיך איין צום וואונדערלעכן ניגן,
וואָס טראָגט זיך אין דעם האַרבסטיק־בייזן ווינט.

אַזוי צי אַזוי און ס׳שמעקט מיט האַרבסט אינדרויסן,
אַ בלעטל אַף אַ בלעטל וואַלגערט זיך פאַרגעלט, —
נאָר איך, — איך טוליע צו מיין האַרץ, ווי טאָמיד,
אַ צוויטיקע און זינגענדיקע וועלט.

1940

# ליד אין אַ זומער־נאַכט

די זומער־נאַכט, די שטאָטישע, לעוואַניק,
רינט אַריין און רינט פון מיר אַרויס — — — .
וויגט זיך אין מיין בלוט אַ דאָרפישע האַרמאָניק
פון בענקשאַפטן, וואָס טליען קיינמאָל אויס.

אַף בלאָע פיס גליטשט זיך שטול מיין שאָטן
איבער שטיין שפעטנאַכטיקן אין רו;
נאָר בלאָער איז דער לאַן, וואו ס׳האָט געטראָטן
דאָס לעבן מיינס אין רייפנדיקן בלי.

אין גרינעם שלאָף אַ ביימל — אַ לונאַטיק,
שטרעקט צום רוים לעוואָנעדיקע הענט,
ווי איך דער קינדישער, גלוביקער פאַנאַטיק,
כאָטש כ׳האָב די וועלט שוין לאַנג דערקענט...

אַף מיין קאָפּ ברענט און גויסעט אויס אַ שטערן
און אַ צוויטער צינדט זיך אָן אין גרין, —
ווי איך, טראַכט איך, אין אויפקום און אין ווערן
דורך אומרו צו אויסגעקלאָרטן זין.

אַף אַ קרומער טיר וויגן זיך קאָלירן,
אַ שפיל אַזאַ פון אומעט און פון פרייד, —
ווי מיינע טעג, ווי מיינע נעכט — וויברירן
אין מיין לייב זינגענדיקערהייט.

שטיל אַרום. אַזוי טיף שטיל, אַזש אומהיימלעך,
ווי ס'וואָלט די וועלט די גאַנצענע גערוט;
בלויז די גרינע קעפּ פון לונאַטיק־ביימלעך,
שאָרשען אין פאַרשאָטנטן געמיט.

מיין טריט זינגט־אויף. איינער נאָבן צווייטן
שנירלט דורך די נאַכט מיט העל געזאַנג, —
אַ ליד פון מענטש, וואָס קאָן זיך שטענדיק גרייטן
דורך גרויסער ליבשאַפט צו זיין לעצטן גאַנג.

און שטאָט שווימט אַליך אַ זילבערנע, לעוואָניק,
פון אַלע ווינקלען — לעוואָנעדיקע רייד, —
ווי מיין גאַנג, סיי ניי, סיי אַלט, איינטאָניק,
מיט וואונדער און מיט קלאָר באַשייד.

דער הימל בלאָט, און ס'בלאָט אין מיר אַ ניגן,
ווי אייגן ליד סיי נאָענט און סיי וויים — — —
כ'וואָלט וועלן איצט, ס'זאָל מיך ווער פאַרוויגן
און פאַרגיין, ווי זומער־נאַכט פאַרגייט.

1939

# די זאַנגען פון מיין לעבן

די זאַנגען פון מיין לעבן ווערן רייפער,
ווערט אָנקומען דער שניטער צו זיין שניט, —
נאָר איך אַליין מיט נישט־דערבליטער שעפע,
נאָר איך אַליין מיט נישט־דערזונגען ליד.

דאָס ליד וואָס קומט מיט אויפגאַנג פון באַגינען,
און יעדער טאָג באַגינט אין מיין געביין;
וועל איך דעם לעצטן פערז נישט מער געפינען,
ווייל איך אַליין — כ'וועל שוין דאַן נישט זיין.

הינטער פלייצעס פון גרויסע טעג פאַרגאַנגען,
כ'געפין שוין קוים דעם שפור פון מיין געזאַנג;
דאָס מאָרגנדיקע איז ווייט נאָך צו דערלאַנגען
און ווייט אַזוי און שווער איז דער גאַנג.

מיין בלוט בענקט־אויס די טריט נאָכנישט געטראָטן,
ווי ס'בענקט מיין אויג צו בלויע פעדים שיין;
די טריט אַף שליאַך מיט שטערנס אויסגעשאָטן
און זון אַף טראַקט, זון אַף ברוק און שטיין.

דער פאַרנאַכט פון וועלט טונקלט מיינע גלידער
און טוליעט־איין מיין גוף, ווי שוואַרצע שאַל;
פאַלט מיין געמיט, ווי אַ זאַקן מיד אַנידער,
שטאַר און בלינד פאַר שטרייפן ליכט און שטראַל.

פאַר שטראַל, וואָס ציט ווי בליץ אַף האָריזאָנטן,
מיט טאָג־קאָליר דער הימל לייכט און העלט;
איבער גאָרער וועלט, פון ווייטן ביזן נאָענטן,
שנירלט ליד פון פרייד: „גוט־מאָרגן, וועלט״.

דאָס נייע ליד רייסט־אויף ווי קנאָספּ אום זומער
און גיסט זיך אויס ווי ניגן אַף אַ פלייט;
מונטערקייט און פרייד שטאָט לייד און קומער
איבער וועלט, ווי קאַלע אין כופּע־קלייד.

דאָס נייע ליד, דאָס נייע וואָרט, דער ניגן,
וואָס זוניקט ווי באַגינען, קלאָר און ריין, —
וועט איבער מיין געדעכעניש זיך וויגן,
נאָר איך אַליין, כ'וועל שוין לאַנג נישט זיין.

די בענקשאַפט בלויז וועט נאָך אַליך פאַרבלייבן,
די בענקשאַפט צו דעם לעצטן פערזון־טריט,
וואָס האָט געלאָשן און געהעלט מיין גלויבן,
געטרויערט און געזונגען פון געמיט.

צייטיקן זיך די זאַנגען פון מיינע יאָרן
און פאַלן וועט אַף זיי דעם שניטערס האַנט, —
נאָר איך אַליין — אַ בלייבער בליאַסק זיקאָרן,
אין נייעם אויסגעבענקטן לידער־לאַנד.

1939

# בענקשאַפט צו מיינע לידער

מיינע לידער צווישן פרעמדע ווענט,
די ווייטע פון איינגענעם עלנט, —
ליגן געבונדן מיט קייטן אַף הענט
און בענקען צו היימישע שוועלן.

וואָס איז דען אַ ליד, אויב נישט אַ טאָג,
געשטאָרבן אין בלוטיקער שקיעה;
אַ ליכטיק וואָרט, נאָר קיינמאָל דערזאָגט
דורך ליפּן, וואָס דאַרשטן און בריען.

וואָס איז דען אַ ליד, אויב נישט אַ נאַכט,
דער סאָף צו אַ בלויען באַגינען;
אַ העלער געדאַנק, נאָר קיינמאָל דערטראַכט
דורך בליאיקן, בלוטיקן זינען.

וואָס איז דען אַ ליד, אויב נישט אַ שאָ,
אָנגעפילט אין אומרו, דורך אומעט;
אַ לויטערער טייך, נאָר זעסט נישט דעם דנאָ,
ווי טיפקייט פון סאָפלאָזן הימל.

בענקט מיין פאָעם, אַ ליד נאָך אַ ליד,
וואָס ליגן אין פרעמד איצט פאַריגלט;
די בענקשאַפט יאָגט נאָך אַוואו נאָר אַ טריט
מיט מענטשלעכן אָטעם צעשריגן.

אַ ליד, טראַכט איך, — עליי אַ באַגין,
וואָס איז געווען און פאַרגאַנגען — — —
וועט מאָרגן אַ טריט־טון נאָכאַמאָל זון,
וועלן ווידער אַ פליייק־טון געזאַנגען.

אַ ליד, טראַכט איך, — עליי אַ פאַרנאַכט,
וואָס האָט זיך דערוואָרגן אין אומעט;
וועט קומען אַ צווייטער, ווי יענער געדאַכט,
אַ דריטער, אַ פערטער וועט קומען.

און שאָען פון אומרו מיט גליאיקע קעפ,
וואָס האָבן מיך קיינמאָל געמיטן;
און טעג, ווי שאָטנס אַף פינצטערע טרעפ,
כ'וועל זיך פון זיי נישט פאַרהיטן.

און בלוטיקע שקיעס, ווי כאַלאָפים רויט,
זיי וועלן קיינמאָל נישט פאַרפעלן;
און זוניקע שורעס און פערזן צעגרויט,
וועלן שטאַרבן אַף אייגענע שוועלן.

טאָ זאָלן זיי בענקען מיין ליד, מיין פאָעם,
זאָלן זיי בענקען און שטילן,
ווי מיין וועלט אין ריגל, אין גלוטיקן קלעם,
אין הייסן פאַרשוויגענעם ווילן.

סיי ווי זינגט מיין האַרץ, ווי אַ סאָלאָוויי
אין פרעמדן וואַלד פון עלנט;
איז אַזוי מיין ליד — ליריש געשריי,
אַף פרעמדע און היימישע שוועלן.

1937

# דערקענונג

דאָס ליד פֿון מײַנע לידער בענקט אין מיר מיט מענטשלעכער יעצירע,
ווי אַ נישט־צעאַקערט פֿעלד נאָך ברוטיק־זאַטע זאַנגען;
פֿון אַזויפֿיל יאָרן בין איך ביז איצטער דורך קיין איינציקער שורע
צו דער פֿולקייט, צו דער גאַנצקייט מײַנער נישט דערגאַנגען.

כ'האָב אין מײַן פֿריסטער יוגנט מיט לײַכטן פֿליטער־וואָרט געבלינעט,
זיך אַליץ געוואָלט דערגרונטעווען צום עצם פֿון מײַן ליד;
מײַן באַכערשאַפֿט גאָלדיק אויסגערײַמט אַף שליאַך און דאָרף וואָלינער,
זיך פֿאַרמישט מיט פֿויערס אומעט, מיט זײַן פֿריידיקן געמיט.

מײַן ליד איז דורך יאָרן און שטעט, דורך אומרו־טעג, טעג אין פֿלאַמען,
מיטגעגאַן אין קאַמף און אָנגעשפּאַרט ביז טפּיסע־צעלעס;
מײַן וואָרט פֿאַרקנופּט מיטן גורל, מיטן הייסן ברידער־פּײַן צוזאַמען, —
כ'האָב מיט זיי געהאָפֿט צו שפּאַנען איבער אויסגעבענקטע שוועלן.

און דאָך, נאָך הײַנט, איך מײַן: אָט טראָג איך אויס מיט זיסטן יאָדער
מײַן ליד, וואָס דאָרשטיקט אין מײַן לײַב יאָרנלאַנג און גיריק;
און כאָטש איך פֿיל מיך אָפֿט מיט אַזאַ־אָ שעפֿע שטימונגען באַלאָדן,
דאָך דערגיי איך נישט צו עכטקייט פֿון פּאָעטישער יעצירע.

און כ'טראַכט צומאָל: כ'וועל קיינמאָל נישט דערגרייכן צו מײַן שליימעס
דורכן ווײַטן וואָגל־וועג, דורך יאָרן — אומענדלעך געראַנגל;
און כ'פֿאַל דאַן אַרײַן אין מאָטיוון אָפּגעלעבטע, ווי אין אַלטע שיימעס
ס'פֿאַרצוויקט מײַן האַרץ אַף לאַנג מיט ליִרישע געזאַנגען.

כ'פֿאַרגיי מיך דאַן אין דינע ניגונים, ווי מיינע אָוועס האָבן געצויגן,
דורכגעווייקט מיט דווייקעס, אידישלעכן צאַר, גאָטהאַרציקן ביטאָכן, —
כאָטש כ'זע אַ וועלט אין סאַמע אונטערגאַנג פֿאַר מיינע אויגן
און צום לעבן רייסט זיך אויף אַ נייע — מיט פֿלייש און קנאָכן.

כ'בין דאַן ענגהאַרציק עגאָצענטריש, ווי קליינבירגער — איביש גאָלע,
כ'בין דאַן סנאָב און ווער ווייסט וואָס נאָך, צו אַלדי־רוכעס!
און טעמפּ און טויב און פֿאַרווירט בין איך, ווי אין אַ בייזן כאָלעם,
כאָטש די ערד ברענט אויס אַ נייע צייט דורך נייע לוכעס.

כאָטש כ'פֿיל די ווייטע הימלען אַף מיין קאָפּ, ווי בלעכן הייס־צעגליטע
און אונטער זיי גרוילן טעג מיט בלוטיק־רויטע וויינען
און ס'קלאַפּט דאָס גאַנצע בלוט אין מיר מיט קויעך פֿון געוויטער,
אַ זונג צו־טון דאָס נייע ליד מיטן מאַרך פֿון די ביינער.

אַ זונג צו־טון דאָס גרויסע ליד פֿאַר וועלט אין אויפֿגאַנג, אין יעצירע,
וואָס זינגט שוין אַף אַלע וועגן מיט נייעם טאָן און אָטעם, —
נאָר איך, איך רייס דאָס אייגן לייב, ווי אין וואַנזין, אין פֿאַרווירונג
און שריי אויס מיין וואָרט מיט ווייטיק, גרילציק און כאַאָטיש.

נאָר טיף אין מיר פֿייניקט אַלץ דער דאָרשט צו דמאָמע־דאַקע־לידער,
צו דינער זינגעוודיקער שורע פֿול מיט טויזנט כיינען
פֿאַר אַ וועלט אַזאַ, וואָס כ'פֿיל איר גאַנג אין אַלע מיינע גלידער,
אַ וועלט אַזאַ, וואָס טרעשטשעט אַזש אין מיינע ביינער!

און דאָס ליד פֿון מיינע לידער בענקט אין מיר מיט וועלטלעכער יעצירע,
ווי אַ לעבן רייסט זיך צו געבורט מיט פֿרייד־געשריי־געזאַנגען
און דאָך בין איך צו דער גאַנצקייט, עכטקייט, פֿולקייט פֿון מיין שורע
דורך מיין ווייטן דיכטער־וועג ביז איצטער נישט דערגאַנגען.

1940

# אינהאלט:

## שטאָט אין פרילינג



## מײן קאָרענע הײם



## אומעטיקע װעסנע



## אין די בערג

זייט



### זאנגען פון מיין לעבן



זייט




דאס בוך איז געענדיקט געווארן צו
דרוקן דעם 30־טן יולי 1941 אין דער
דרוקעריי „אפטימוס", פון קראסילאווסקי
און סינאי, בוענאס איירעס, וואלענטין
גאמעז 2719, או. ט. 47־7354.